


# שטערן

ליטעראריש־
קינסטלערישער,
און פּאָליטיש־
וויסנשאַפטלעכער
כּוידעש־
זשורנאַל

12

מינסק — 1939

פראָלעטאריער פונ אלע לענדער, פאראייניקט זיכ!

# שטערנ

№ 12 פופצנטער יאָרגאנג 1939 דעקאבער

אָרגאנ פונ פארבאנד סאָוועטישע שרייַבער פונ ווססר


# אוקאז

## פונ פרעזידיומ פונ אויבער־ראט פונ פססר

## וועגנ געבנ דעמ כאווער יאָסיפ וויסאריאָנאָוויטש סטאלינ דעמ טיטל העלד פונ סאָציאליסטישער ארבעט

פאר די אויסשליסלעכע פארדינסטנ אינ דער זאכ פונ אָרגאני־זירנ די באָלשעוויסטישע פארטיי, פונ שאפנ די סאָוועטישע מעלוכע, אונ אויסבויענ די סאָציאליסטישע געזעלשאפט אינ פססר אונ פאר־פעסטיקנ די פרייַנטשאפט צווישנ די פעלקער פונ סאָוועטנפאר־באנד — געבנ דעמ כאווער יאָסיפ וויסאריאָנאָוויטש סטאלינ, אינ טאָג פונ זייַנ זעכציקיאָריקנ יובילײ, — דעמ טיטל העלד פונ סאָ־ציאליסטישער ארבעט אונ איבערגעבנ די העכסטע באלוינונג פונ פססר — א לענינ־אָרדענ.

פאָרזיצער פונ פרעזידיומ פונ אויבער־ראט פונ פססר — מ. קאלינינ.
סעקרעטאר פונ פרעזידיומ פונ אויבער־ראט פונ פססר — א. גאָרקינ.

מאָסקווע, קרעמל.
20 דעקאבער 1939 יאָר.



# דעמ גרויסנ פאָרזעצער פונ דער זאַכ פונ לענינענ — 

# דעמ כאַוועער סטאַלינ

## טײַערער פרײַנט אונ שלאַכט־כאַווער!

דער צענטראַל־קאָמיטעט פונ דער באָלשעוויסטישער פּאַרטיי באַגריסט הייס דיכ, דעמ פרײַנט פונ לענינענ אונ דעמ גרויסנ פאָרזעצער פונ זײַנ זאַכ, דעמ פירער פונ דער פּאַרטיי אונ פונעמ סאָוועטישנ פאָלק — אינ טאָג פונ דײַנ זעכציקיאָריקנ יובילײ.

העכער פערציק יאָר דינסטו דער זאַכ פונ דער פּראָלעטאַרישער רעוואָליוציע, דער זאַכ פונעמ אַרבעטער־קלאַס אונ פונ דעמ גאַנצנ אַרבעטס־פאָלק. דו ביסט געווענ דער געטרײַסטער מיטקעמפער לענינס אינ זײַנ קאַמפ פאַר דער פּאַרטיי, פאַר דער דיקטאַטור פונ פּראָלעטאַריאַט. צוזאַמענ מיט לענינענ האָסטו פיל יאָרנ געבויט אונ אויסגעשמידט די מעכטיקע באָלשעוויסטישע פּאַרטיי. צוזאַמענ מיט לענינענ האָסטו געפירט די פּאַרטיי אונ דעמ אַרבעטער־קלאַס צומ באַוואָפנטנ אויפשטאַנד אינ אָקטיאַבער 1917 יאָר. אַלס לענינס נאָענטסטער העלפער, האָסטו אומיטלבאַר אָנגעפירט מיט דער גאַנצער זאַכ פונ צוגרייטנ דעמ אָקטיאַבער־אויפשטאַנד אונ מיטנ דערפאָלגרײַכנ דעראָבערנ די מאַכט דורכנ אַרבעטער־קלאַס.

אינ די יאָרנ פונעמ פאָטערלענדישנ בירגער־קריג קעגנ די אויסלענדישע פּאַרכאַפּערס אונ קעגנ דער בורזשואַז־פּריצישער ווײַסגוואַרדייִשטשינע ביסטו, כאַווער סטאַלינ, אונטער לענינס אָנפירונג געווענ דער אומיטלבאַרער באַגײַסטערער אונ אָרגאַניזאַטאָר פונ די זיגנ פונ דער רויטער אַרמיי אָפ אַלע פראָנטנ, וו עס איז געלייזט געוואָרנ דער גורל פונ דער רעוואָליוציע.

נאָכ לענינס טויט האָט די פּאַרטיי באָלשעוויקעס אונטער דײַנ קלוגער אָנפירונג, בײַקומענדיק גוואַלדיקע שוועריקײַטנ אָפ איר וועג, געבראַכט אונדזער לאַנד צומ זיג פונ סאָציאַליזמ.

די פאַראַכטע סאָנימ פונ פאָלק, די טראָצקיסטנ, די זינאָוויעוועצעס, די בוכאַרינצעס האָבנ געוואָלט אָפּנעמענ בא דעמ אַרבעטער־קלאַס, באַמ סאָוועטישנ פאָלק דעמ גלויבנ אינ דער מעגלעכקײַט פונעמ זיג פונ סאָציאַליזמ אינ אונדזער לאַנד, האָבנ ניט איינמאָל געפרוווט אַרונטערײַסנ די פּאַרטיי פונ אינעווייניק, צעקלאַפּנ די איינהײַט פונ דער באָלשעוויסטישער פּאַרטיי, אומברענגענ די סאָוועטנמאַכט אונ די סאָ־

ציִאַליסטישע רעוואָליוציע. אינ אַקשאָנעסדיקנ פרינציפיעלנ קאמפ קעגנ די סאָנימ פונ סאָציאַליזמ, קעגנ די סאָנימ פונ דער פּאַרטיי, אונטער דײַנ אָנפירונג אינ קאמפ פארנ לעניניזמ האָט זיכ באַהעפט דער צענטראַל־קאָמיטעט און אונדזער גאַנצע פּאַרטיי. דו האָסט פאַרטיידיקט די לענינישע טעאָריע וועגנ דער מעגלעכקײַט פונעמ זיג פונ סאָציִאַליזמ אינ אײנ לאַנד, האָסט אַנטוויקלט די דאָזיקע טעאָריע ווײַטער, באַוואָפנט מיט איר די פּאַרטיי און די מיליאָניקע מאסנ ארבעטנדיקע פונ סאָוועטנ־פארבאַנד.—דאָס האָט געזיכערט די דעמאַסקירונג און צעגראָמירונג פונ די סאָנימ פונ דער רעוואָליוציע.

אונטער דײַנ אָנפירונג האָט די פּאַרטיי באָלשעוויקעס פאַרווירקלעכט די סאָציִאַליסטישע אינדוסטריִאַליזאַציע פונ לאַנד, האָט געשאַפנ נײַע אינדוסטריִעלע צענטרענ און ראַיאָנענ, ערשטקלאַסיקע זאַוואָדנ פונ דער שווערער און לײַכטער אינדוסטריע, מעכטיקע זאַוואָדנ פונ מאַשינ־בויונג, וואָס עס האָט געזיכערט די טעכנישע רעקאָנסטרוקציע פונ דער גאַנצער פאָלקס־ווירטשאַפט און דאָס באַוואָפענען מיט די נײַסטע שוץ־מיטלענ דעמ פססר. אונטער דײַנ אָנפירונג האָט די פּאַרטיי דורכגעפירט אַזאַ טיפסטע רעוואָליוציִאָנערע איבערקערעניש אינ דאָרפ, ווי די דורכויסיקע קאָלעקטיוויזאַציע און די ליקווידאַציע פונעמ באַלעבאָסטומ אַלס קלאַס, ניכערנדיק אַפנ גרונט פונעמ זיג פונ דער קאָלווירטישער אָרדענונג, דאָס קולטורעלע און פאַרמעגלעכע לעבנ פונעמ פילמיליִאָניקנ פויערטומ. אונדזער לאַנד איז געוואָרנ אַ מעכטיקע אינדוסטריִעלע מעלוכע, אַ לאַנד פונ גרויסער קאָלעקטיווער ערדאַרבעט, אַ לאַנד פונ זיגרײַכנ סאָציִאַליזמ.

אַפנ גרונט פונ די דאָזיקע דערפאָלגנ קומט פאָר אַ שנעלער אופשטײַג פונ דער קולטור פונ די פעלקער פונ סאָוועטנפאַרבאַנד. עס איז געשאַפנ געוואָרנ אַ סאָוועטישע אינטעליגענץ, אַנ איבערגעגעבענע דער סאָוועטנמאַכט, דער זאַכ פונ סאָציִאַליזמ.

די פּאַרטיי און די סאָוועטנמאַכט האָבנ אונטער דײַנ אָנפירונג געשאַפנ אַ באַוואָפנטע מיט אַנ ערשטקלאַסיקער טעכניק מעכטיקע און אומבאַזיגבאַרע רויטע אַרמיי, וועלכע איז אַ זיכערע שוץ פונ אונדזער היימלאַנד קעגנ אַלע אויסערלעכע סאָנימ.

דער אַרבעטער-קלאַס אינ פאַרבאַנד מיטנ פויערטומ האָט אונטער דער אָנפירונג פונ דער באָלשעוויסטישער פּאַרטיי, אַפ שטענדיק פאַרניכטעט די עקספּלואַטאַציע פונ מענטש דורכ מענטש און האָט אײַנגעשטעלט אַ נײַע, סאָציִאַליסטישע אָרדענונג אינ פססר, וואָס ווייס ניט פונ קיינ קריזיסנ, פונ אַרבעטסלאָזיקײַט, וואָס זיכערט דעמ אומאָפּהענגיקלעכנ אופשטײַג פונעמ מאַטעריִעלנ ווילשטאַנד און קולטורעלנ ניוואָ פונ די אַרבעטנדיקע. דער דאָזיקער הויפּט־סאַכאַקל פונ אונדזער קאמפ האָט אַ וועלט־היסטאָרישע באַדײַטונג, ער פאַרפעסטיקט בײַ די אַרבעטנדיקע פונ גאָר דער וועלט דעמ גלויבנ אינ דעמ טריומפ פונ סאָציִאַליזמ.

אונדזער פּאַרטיי האָט אונטער דײַנ אויסשליסלעכ אַקטיווער און אומיטלבאַרער אָנפירונג געשאַפנ אַ מעכטיקע פילנאַציִאָנאַלע סאָוועטישע מעלוכע, האָט פאַרפעסטיקט די גרויסע און ניטגעוואַקלטע פרײַנטשאַפט פונ די פעלקער פונ פססר — די גאַראַנטיע פונ זייער אופבלי און אומבאַזיגבאַרקײַט. די נײַע קאָנסטיטוציע פונ

פסער, די קאָנסטיטוציע פונ זיגערישנ סאָציאליזמ אונ פאנאנדערגעוויקלטער סאָציאליסטישער דעמאָקראטיע, האָט דאָס פאָלק מיט רעכט אָנגערופנ די סטאלינישע קאָנסטיטוציע.

פונקט אזוי ווי לענינ, האָסטו, כאווער סטאלינ, שטענדיק צוגעגעבנ אונ גיסט צו די גרעסטע באדײַטונג דער אנטוויקלונג אונ פראָפאגאנדירונג פונ דער רעוואָליוציאָנערער טעאָריע. דײַנע קלאסישע טעאָרעטישע ארבעטנ, וואָס זײַנענ געוואָרנ דאָס אייגנס פונ מיליאָנענ מענטשנ אינ אונדזער לאנד אונ אינ גאָר דער וועלט, זײַנענ א ווײַטערדיקע אנטוויקלונג פונעמ מארקסיזמ־לעניניזמ אינ די נײַע באדינגונגענ פונ דער עפאָכע פונ אימפעריאליזמ אונ פראָלעטארישער רעוואָליוציע, פונ דער עפאָכע פונעמ זיג פונ סאָציאליזמ אפ איינ זעקסט־כיילעק פונ דער ערד. דו האָסט אנטוויקלט די מארקסיסטיש־לענינישע טעאָריע פונ מעלוכע, פאנאנדעראר־בעטנדיק די לערע וועגנ דער סאָציאליסטישער מעלוכע אינ די באדינגונגענ פונ קאפיטאליסטישער ארומרינגלונג. באוואָפענענדיק די פארטיי מיטנ מארקסיזמ־לעניניזמ, האָסטו אומדערמידלעכ זי צוזאמענגעהעפט אָרגאניזאציאָנעל. אפ דעמ דאָזיקנ יעסאָד איז פארווירקלעכט געוואָרנ די סטאלינישע איינהײַט פונ אונדזער פארטיי.

איינער פונ די מערקווירדיקע דערפאָלגנ פונ דער באָלשעוויסטישער פארטיי, וואָס זײַנענ דערגרייכט געוואָרנ אדאנק דײַנ זאָרגזאמקײַט אונ אָנפירונג, איז דער שנעלער וווּקס פונ די קאדרענ, דאָס ארויסרוקנ פיל טויזנטער נײַע טוער פונ דער סאָציאליסטישער בויונג אונ פונ דער באשיצונג פונעמ לאנד פונ סאָציאליזמ.

אָפגעבנדיק אלע דײַנע קויכעס דער גרויסער דינסט דעמ פאָלק, — האָסטו, כאווער סטאלינ, פונקט אזוי ווי לענינ, ליב דײַנ פאָלק אונ ביסט אומאָפטיילבאר פונעמ פאָלק. פונקט אזוי ווי לענינ, ביסטו ארומגערינגלט מיט דער גרויסער ליבשאפט פונ די ארבעטנדיקע פונ סאָוועטנפארבאנד אונ פונ גאָר דער וועלט.

באגריסנדיק דיכ הײַנט אינ דײַנ זעכציקסטנ געבורטס־טאָג, זײַנענ אונדזער פארטיי אונ די פעלקער פונ סאָוועטנפארבאנד, ווי קיינמאָל, באהעפט ארומ זייער צענטראל־קאָמיטעט אונטער דער פאָנ פונ לענינ־סטאלינ אונ זײַנענ גרייט צומ ווײַטערדיקנ קאמפ פארנ פולשטענדיקנ זיג פונ קאָמוניזמ.

זאָל לעבנ די אומבאזיגבארע פארטיי באָלשעוויקעס, די פארטיי פונ לענינ־סטאלינ!

לעב לאנגע יאָר, אונדזער ליבלעכער סטאלינ, צו דער פרייד פונ דער פארטיי, פונעמ ארבעטער־קלאס, פונ די פעלקער פונ דער סאָוועטישער ערד אונ פונ גאָר דער וועלט!

צענטראל־קאָמיטעט פונ דער אלפארבאנדישער
קאָמוניסטישער פארטיי (באָלשעוויקעס).

20 דעקאבער 1939 יאָר.

# מאָסקווע, קרעמל,

# דעמ כאַווער סטאַלינ י. וו.

## טײַערער יאָסיפ וויסאַריאָנאָוויטש!

אינ טאָג פונ אײַער רומפולנ 60־יאָריקנ יובילײ שיקט דער צק קפּ(ב) פונ ווײַסרוסלאַנד, אינ נאָמענ פונ דער קאָמפּאַרטײ באָלשעוויקעס פונ ווײַסרוסלאַנד, אײַכ, דעמ גרויסנ פירער אונ לערער, א פלאַמיקנ באָלשעוויסטישנ גרוס.

דער גרויסער מיטקעמפער אונ פאָרזעצער פונ לענינס זאַכ, האָט איר געווידמעט אײַער מערקווירדיק לעבנ דער זאַכ פונ פאָלק, דעמ גרויסנ קאַמפ פאַר באַפרײַענ די אַרבעטנדיקע מענטשהײַט.

די ווידערפאַראײניקטע פעלקער פונ ווײַסרוסלאַנד היטנ טיפ אינ זײער הערצנ אײַער געשטאַלט — דאָס געשטאַלט פונעמ געניאַלנ שעפער פונ דער ווײַסרוסישער מעלוכע, פונעמ באַפרײַער פונ די פעלקער פונ מײַרעוו־ווײַסרוסלאַנד פונעמ יאָכ פונ די פוילישע פאַנעס אונ קאַפּיטאַליסטנ.

אײַער נאָמענ לעבט אונ וועט לעבנ אײביק אינ די הערצער פונ די אַרבעטנדיקע אונ אונטערדריקטע מאַסנ פונ גאַנצער וועלט, אַלס נאָמענ פונעמ קלוגנ שעפער אונ בויער פונ אונדזער באָלשעוויסטישער פּאַרטײ, פונעמ טעאָרעטיקער אונ אָרגאַניזאַטאָר פונ די זיגנ פונ סאָציאַליזמ, פונעמ גרעסטנ פּראָלעטאַרישנ רעוואָליוציאָנער, פונ א מענטשנ פונ גיגאַנטישער קראַפט, געדאַנק אונ ווילנ, פונ אַנ אומקאָמפּראָמיסלעכנ קעמפער קעגנ אַלע אונ אַלערלײ סאָנימ פונ דער פּאַרטײ אונ פונ פאָלק.

אונטער אײַער, כאַווער סטאַלינ, אָנפירונג האָבנ די פעלקער פונעמ סאָוועטנפאַרבאַנד זיכ דערשלאָגנ ניט־געזעענע גיגאַנטישע דערפאָלגנ אַפ אַלע פראָנטנ פונ דער סאָציאַליסטישער בויונג. אַפ דער טעריטאָריע פונעמ ראַכוועסדיקנ סאָוועטנפאַרבאַנד פונ צאָפנ־פּאָליוס ביזנ שוואַרצנ יאַמ, פונ ביאַלעסטאָק ביז וולאַדיוואָסטאָק פלאַטערט זיגרײַכ די אומבאַזיגבאַרע פאָנ פונ מאַרקס — ענגעלס — לענינ — סטאַלינ.

אונטער אײַער אָנפירונג גײט דאָס פילנאַציאָנאַלע סאָוועטישע פאָלק זיגרײַכ צומ פולשטענדיקנ טריומף פונ קאָמוניזמ.

מיר ווינטשנ אײַכ, טײַערער יאָסיפ וויסאַריאָנאָוויטש, נאָכ פיל אונ פיל יאָרנ געזונט אונ לעבנ צומ וווילזײַנ פונ די אַרבעטנדיקע פונ גאַנצער וועלט.

זאָל לעבנ דער לײַבלעכער אונ באַליבטער כאַווער סטאַלינ!

פּ. ק. פּאָנאָמאַרענקאָ — נ. ג. גרעקאָווא
ק. וו. קיסעליאָוו — ל. פּ. צאַנאַווא
נ. יאַ. נאַטאַליעוויטש — א. פּ. מאַטווײעוו
מ. פּ. קאָוואַליאָוו — וו. נ. מאַלינ
מ. וו. קולאַגינ — ג. מ. בויקאַטשאָוו

ו. מאָלאָטאָוו

# סטאלינ אלס פאָרזעצער פונ דער זאכ פונ לענינענ

דער כאוועד סטאלינ איז דער אָנערקענטער און ווירדיקער פאָרזעצער פונ דער זאכ פונ דעם גרויסנ לענינ. אזא איז דער כאוועד סטאלינ אינ די אויגנ ניט בלויז פונ אונדזער קאָמוניסטישער פארטיי און די פעלקער פונ פססר, נאָר אויכ אינ די אויגנ פונ די קעמפער פונ דער גאנצער צווישנפעלקערלעכער קאָמוניסטישער באוועגונג און ארבעטנדיקע פונ דער גאנצער וועלט. דערמיט איז געזאָגט געוואָרנ דאָס הויפּטלעכע וועגנ דעם כאוועד סטאלינ, ווי וועגנ דעם פירער פונ אלקפּ(ב) און פונ דעם סאָוועטנפארבאנד.

איצט, זעכצנ יאָר נאָכ לענינס טויט, איז ניט שווער צו פארשטיינ, פארוואָס עס האָבנ אזוי שענדלעכ באנקראָטירט די באוווּסטע פרעטענדענטנ אפ דער ראָל פונ פירער אינ אונדזער פארטיי און ווי געפערלעכ עס זיינענ געוועזנ פאר די ארבעטנדיקע פונ אונדזער לאנד זייערע פרעטענזיעס. אָבער אינ יענער צייט, האָבנ זיי — די אלע טראָצקיס, זינאָוויעווס, בוכארינס, וועלכע האָבנ זיכ רעקלאמירט אלס „מיטקעמפער“ פונ לענינענ, כאָטש אינ די אנטשיידנדיקע מאָמענטנ פלעגנ זיי אלעמאָל ארויסטרעטנ קעגנ לענינענ און דער לענינישער פּאָליטיק — דערפירט די זאכ, ווי באוווּסט, ביז צו גרויסע שוועריקייטנ אינ דער פארטיי און אינ לאנד, האָבנ געדראָט מיט א שפּאלטונג פונ דער באָלשעוויסטישער פארטיי, מיט אופטרייסלונגענ אינ דער סאָוועטנ־מעלוכע, מיט א מארש פונ די קאפּיטאליסטישע מעלוכעס קעגנ פססר. געבנ דעם געהעריקנ ווידערשטאנד, דעמאסקירנ דעם פיינטלעכנ פאר דער פארטיי און פאר די אינטערעסנ פונ די ארבעטנדיקע כאראקטער פונ זייער פּאָליטיק, צעקלאפּנ ביזנ סאָפ אָט די אלע גרופּקעס און פראקציעס פונ די פארמאסקירטע סאָנים פונ סאָציאליזמ, און צוזאמענ מיט זיי צעגראָמירנ אויכ די שפּעטער געשאפנע דורכ זיי שפּיאָניש־שעדיקערישע אָרגאניזאציעס, וועלכע האָבנ אויסגעפילט אנטיסאָוועטישע פארגעבונגענ פונ די אויסלענדישע אויסשפּירונגענ, — דאָס אלצ האָט אונדזער פארטיי באוויזנ צו טאָנ מיט א פולנ דערפאָלג אונטער דער אָנפירונג פונ דעם כאוועד סטאלינ, דעם אָרגאניזאטאָר און אידייִשנ פירער פונ דער באָלשעוויסטישער פארטיי. אינ אָט דעם קאמפּ קעגנ יענע, וועלכע האָבנ ארויסגעוויזנ א

היפשע דערפינדערישקײַט אינעם צודעקן זייער פאַרברעכערישע אַנטיסאָוועטישע טעטיקײַט מיט דעם פאַלשן פלאַג פונ פסעוודאָ-לעניניזם, האָט אונדזער פּאַרטיי ניט נאָר ניט צעשטערט אירע רייען, נאָר זי האָט נאָך מער פאַרשטאַרקט זיי, איז אויסגעוואַקסן אינ צאָל אונ האָט צוזאַמענגעהיפט אירע קרעפטן, האָט פאַרגרעסערט די באָלשעוויסטישע שלאַכט-פייִקײַט, דעם שוווּנג פונ דער אַרבעט אונ דעם אויטאָריטעט צווישן די מאַסן אַרבעטנדיקע. אַדאַנק דעם, האָט די באָלשעוויסטישע פאַרטיי, וועלכע פאַרווירקלעכט די אָנפירונג מיט דער גאַנצער סאָציאַליסטישער בויונג אינ אונדזער מעלוכע, געזיכערט די קאָלאָסאַלע דערפאָלגן אינ דער-אויפבויונג פונ דער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט אינעם סאָוועטנפאַרבאַנד אונ האָט הויך אויפגעהויבן דעם אויטאָריטעט פונ פסטר אינ די צווישנפעלקערלעכע ענינים פונ אונדזער צײַט.

אינ דעם אַלעם געהערט דער הויפּטלעכער אונ אַנטשיידנדיקער פאַרדינסט דעם כאַווער סטאַלינ, דעם פאָרזעצער פונ דער זאַכ פונ לענינען, דעם פירער פונ אַלקפ(ב) אונ פונ דעם סאָוועטנפאַרבאַנד.

I

# סטאַלינ אַלס פירער פונ דער פאַרטיי באָלשעוויקעס

פונ דער סאַמע אַנטשטייונג פונעם באָלשעוויזם איז דער כאַווער סטאַלינ אַ מיטקעמפער פונ לענינען אינ דער בויונג פונ דער פאַרטיי, אונ שפעטער אויכ דער הויפּט-מיטקעמפער אינ דער אָנפירונג מיט דער פאַרטיי.

ביז דער רעוואָליוציע איז דער כאַווער סטאַלינ געווען באַקאַנט מער אַלס אַ באָלשעוויק — אַ פ ר אַ ק ט י ק ע ר, אַלס אַ באָלשעוויסטישער אָ ר ג אַ נ י ז אַ ט אָ ר. דאָס הייסט ניט, אַז דאַנ האָט ער זיכ ניט פאַרנומען מיט די פראַגעס פונ מאַרקסיסטישער טעאָריע. פאַרקערט, אויכ אינ זײַנע פריִיקע פובליציסטישע אַרבעטן אינ טראַנסקאַווקאַז האָט ער באַוויזן גרינטלעכע קענטעניש פונ מאַרקסיזם אונ אַ טיפן פאַרשטייִנ פונ די דאַנ נײַע אידייען פונ לענינען וועגן דער אָרגאַניזאַציע פונ אַ מאַרקסיסטישער פאַרטיי פונ אַ נײַעם קעמפערישן טיפ אונ וועגן דעם קאַמפ מיטן אָפּאָרטוניזם-מענשעוויזם, ווי אויכ וועגן דער רעוואָליוציאָנערער טאַקטיק פונ די רוסישע מאַרקסיסטן אונ וועגן דעם כאַראַקטער פונ דער רוסישער רעוואָליוציע אינ שײַנ פונ די דאָזיקע לענינישע אידייען. דאָס ווײַטערדיקע האָט באַוויזן, וואָס פאַר אַ ביז גאָר גרויסער ט עאָ ר ע ט י ק ע ר פונ מאַרקסיזם-לעניניזם עס איז דער כאַווער סטאַלינ, — פונדעסטוועגנ, האָט די וויכטיקסטע באַדײַטונג גראָד דער פאַקט, וואָס דער כאַווער סטאַלינ איז שטענדיק געשטאַנען אינ צענטער פונ דער ברויזנדיקער פראַקטישער רעוואָליוציאָנערער אַרבעט. סײַ ביז אָקטיאַבער, סײַ נאָכ דעם, האָט דער כאַווער סטאַלינ פאַרייניקט אינ זיכ „טעאָרעטישע מעכטיקײַט מיט פראַקטיש-אָרגאַניזאַציאָנעלער דערפאַרונג פונ דער פּראָלעטאַרישער באַוועגונג", ווי ער אַליינ

האָט זיכ אויסגעדריקט, ווענ ער האָט כאַראַקטעריזירט לענינען אַלס פירער פונ דער פראָלעטאַרישער רעוואָליוציע אונ דער פראָלעטאַרישער פאַרטיי, אַלס אָרגאַניזאַטאָר אונ פירער פונ דער אַלפאַרבאַנדישער קאָמוניסטישער פאַרטיי.

דאָס פאַרייניקנ אַ קאָלאָסאַלע רעוואָליוציאָנערע דערפאַרונג מיט אַ טיפנ פאַרשטיינ דעמ מאַרקסיזמ — דערמיט דאַרפ מענ דערקלערנ, וואָס דער כאַווער סטאַלינ האָט, ווי קיינ אַנדערער, טיפ פאַרשטאַנענ די דורכדרינגלעכע לענינישע אידייענ וועגנ אַ מאַרקסיסטישער פאַרטיי פונ נייעמ טיפּ, וואָס איר, ווי עס האָבנ באַוויזנ די געשעענישנ, איז באַשערט געווענ צו פאַרוואַנדלענ זיכ פונ אַנ אונטערערדישער אָרגאַניזאַציע פונ פראָפעסיאָנעלע רעוואָליוציאָנערנ אינ דער באָלשעוויסטישער פאַרטיי, וועלכע האָט זיגרייכ פאַרווירקלעכט די סאָציאַליסטישע רעוואָליוציע אינ אונדזער לאַנד. דאָס איז צו זענ שוינ פונעמ אַרטיקל פונ כאַווער סטאַלינ „פאַרבייגייענדיק וועגנ די פאַרטייישע מיינונג־פאַרשיידנהייטנ“, וואָס איז אָפּגעדרוקט געוואָרנ אינ 1905 יאָר.

אינעמ באַרימטנ בוכ „וועגנ די יעסוידעס פונ לעניניזמ“ האָט דער כאַווער סטאַלינ פאַנאַנדערגעוויקלט די דאָזיקע פראַגע אינ דער פולער מאָס. דאָ האָט ער געגעבנ אַ שניידנדיק טרעפלעכע כאַראַקטעריסטיק די „סאָציאַליסטישע“ פאַרטייענ פונ II אינטערנאַציאָנאַל, באַווייזנדיק, אַז „די פאַרטייענ פונ II אינטערנאַציאָנאַל טויגנ ניט פאַרנ רעוואָליוציאָנערנ קאַמפ פונעמ פראָלעטאַריאַט, אַז זיי זיינענ ניט קיינ שלאַכט־פאַרטייענ פונ דעמ פראָלעטאַריאַט, וועלכע זאָלנ פירנ די אַרבעטער צו דער מאַכט, נאָר אַ וואַל־אַפּאַראַט, וועלכער איז צוגעפּאַסט צו פאַרלאַמענט־וואַלנ אונ פאַרלאַמענט־קאַמפ“. די דאָזיקע פאַרטייענ זיינענ אינדערעמעסנ „אַ צוגאָב אונ אַ באַדינענדיקער עלעמענט“ פונ די פאַרלאַמענט־פראַקציעס. אַזוינע פאַרטייענ האָבנ זיכ אויסגעבילדעט „אינ דעמ פעריאָד פונ מער אָדער ווייניקער פרידלעכער אַנטוויקלונג“ אונ אונטער זייער אָנפירונג „האָט ניט געקענט זיינ אַפילע קיינ רייד וועגנ צוגרייטנ דעמ פראָלעטאַריאַט צו אַ רעוואָליוציע“.

ווענ עס איז אָנגעקומענ דער נייער פעריאָד, נעמלעכ, דער איצטיקער פעריאָד — „דער פעריאָד פונ אָפענע צוזאַמענשטויסנ פונ די קלאַסנ, דער פעריאָד פונ רעוואָליוציאָנערע אַרויסטרעטונגענ פונ דעמ פראָלעטאַריאַט, דער פעריאָד פונ דער פראָלעטאַרישער רעוואָליוציע, דער פעריאָד פונ דירעקט צוגרייטנ די קויכעס צומ אַראָפּוואַרפנ דעמ אימפּעריאַליזמ אונ דער פראָלעטאַריאַט זאָל פאַרכאַפּנ די מאַכט“ — דאַנ האָט זיכ די פראַגע וועגנ דער פאַרטיי פונעמ אַרבעטער־קלאַס געשטעלט אַפ אַנ אַנדער אויפנ. דאַנ האָט מיט אומפאַרמיידלעכקייט געדאַרפט זיכ שטעלנ פאַרנ אַרבעטער־קלאַס די פראַגע וועגנ „אַ נייער פאַרטיי, אַ פאַרטיי אַ קעמפערישער, אַ פאַרטיי אַ רעוואָליוציאָנערער, אַ גענוג דרייסטע אַפ צו פירנ די פראָלעטאַריער צומ קאַמפ פאַר דער מאַכט, אַ גענוג דערפאַרענע אַפ צו פאַנאַנדערקלייבנ זיכ אינ די קאָמפּליצירטע באַדינגונגענ פונ דער רעוואָליוציאָנערער סיטואַציע, אונ אַ גענוג בייגעוודיקע אַפ צו אויסמיידנ אַלע אונ אַלערליי אונטערוואַסער־שטיינער אַפנ וועג צומ ציל. אָנ אַזאַ פאַרטיי איז ניטאָ וואָס צו טראַכטנ אַפילע וועגנ אַראָפּוואַרפנ דעמ אימפּעריאַליזמ, וועגנ דעראָבערנ די דיקטאַטור פונ פראָלעטאַריאַט. די דאָזיקע נייע פאַרטיי איז די פאַרטיי פונ לעניניזמ“.

דער דאָזיקער קוק אפ דער הײַנטצײַטיקער פארטײ פונעמ ארבעטער־קלאס, ווי א פארטײ פונ א נײַעמ, קעמפעריש̇נ טיפ, וואָס א מוסטער דערפונ איז טאקע געוואָרנ די פארטײ באָלשעוויקעס, עפנט פאנאנדער דעמ טאָכ פונ דער זאכ, אפ וויפל עס ווערט דאָ געמײנט דאָס אָרגאניזירנ די צוגרײטונג אונ פארווירקלעכונג פונ דער סאָציאַליסטישער רעוואָליוציע. לענינ האָט געשאפנ אונ אויסגעכאָוועט אזא פארטײ. צוזאמענ מיט לענינענ האָט צענדליקער יאָרנ געבויט די דאָזיקע פארטײ דער כאווער סטאלינ, וועלכער האָט ניט נאָר טיפ פארשטאנענ די באדײַטונג פונ אזא אָרגאנירנדיקע קראפט פארנ זיג איבערנ קאפיטאליזמ אונ פאר דער בויונג פונ קאָמוניזמ נאָכ דער סאָציאַליסטישער רעוואָליוציע, נאָר וועלכער האָט שטענדיק, קענ מענ זאָגנ, ארײַנגעלײגט די גאנצע גרינטלעכקײט? — די נעשאָמע אינ דער זאכ פונ בויענ אונ פארפעסטיקנ די באָלשעוויסטישע פארטײ, אינ דער זאכ פונ אָפרײניקנ זי פונ יעטווידער מינ̇עסקײַט פונ אָפּאָרטוניזמ, אינ דער זאכ פונ שלאכטיש פארהארטעווענ די פארטײ אינ די רעוואָליוציאָנערע שלאכטנ קעגנ אלע אונ אלערלײ סאָנימ פונ באָלשעוויזמ.

אינ דער „געשיכטע פונ דער אלקפ(ב)“ איז, ווי באוווּסט, געגעבנ געוואָרנ דער גאנצער אנטוויקלונגס־וועג פונ דער באָלשעוויסטישער פארטײ, וואָס אפנ דערלערנענ אימ דארפנ זיכ דערציִענ ניט נאָר די קאָמוניסטנ פונ אלע לענדער, נאָר אויכ אלע ארבעטנדיקע, וועלכע שטרעבנ צו באפרײַענ זיכ פונ דעמ יאָכ פונ קאפיטאליזמ, צומ זיג פונ קאָמוניזמ. צוליב דעמ איז אינגאנצנ נײטיק צו פארשטײנ די באדײַטונג פונ דער גרויסער אָרגאניזירנדיקער קראפט—פונ דער פארטײ פונ לענינ̇יזמ, וואָס עס לערנט אונדז דער כאווער סטאלינ, פאר וואָס ער גיט אָפ אזויפיל קויכעס אונ זײַנ אויסשליסלעכע אָרגאניזאטאָרישע מײַסטערשאפט אָדער, ריכטיקער געזאָגט, אָרגאניזאטאָרישע קונסט.

לאָמיר זיכ דערמאָנענ לענינס אָנווײַזונג, אז פונעמ שטאנדפונקט פונ קאָמוניזמ איז די אָרגאניזאטאָרישע ראָל פונ דעמ פראָלעטאריאט — „דאָס איז זײַנ הויפט־ראָל, האָבנדיק אינ זינענ, אז דער ארבעטער־קלאס, אלס אָנפירנדיקע קראפט אינ אויסבויענ די סאָציאַליסטישע געזעלשאפט דארפ האָבנ ניט נאָר א פעסט־צוזאמענגעשמאָלצענעמ דורכ דיסציפלינ, א מאָנאָליטיש אויסגעשמידטנ רעוואָליוציאָנערנ יאָדער — א פארטײ, נאָר אויכ די מאסע פנסטע, לעבעדיקע אונ אלזײַטיקע פארבינדונגענ מיט דער גאנצער מאכע אורבענכנדיקע, קענ צו אויספילנ די אנטשײדנדיקע אופגאבע — איבערמאכנ, איבערדערציִענ די גאנצע מאסע ארבעטנדיקע, דערונטער אויכ די ריזיקע ניט פראָלעטארישע מאסע, „דורכ א זײער דויערנדיקער, לאנגזאמער, פאָרזיכטיקער אָרגאניזאטאָרישער ארבעט“.

אפנ בײַשפיל פונ פארווירקלעכנ די קאָלעקטיוויזאציע פונ דער פילמיליאָניקער מאסע פויערישע ווירטשאפטנ, האָט אונדזער פארטײ פולשטענדיק באוויזנ ניט פאָרשעט איר פארשטײנ די דאָזיקע לענינישע האנאָכעס, נאָר אויכ דאָס קענענ פראקטיש פארווירקלעכנ זײ אינ לעבנ. אלע ווײסנ די ביז גאָר גרויסע פארדינסטנ פונעמ כאווער סטאלינ אינ דער דאָזיקער זאכ. אלע קענענ דעמ כאווער סטאלינ, ווי דעמ בעסטנ אָרגאניזאטאָר פונ דער פארטײ אונ פונ דער כאָוועטישער מעלוכע, אײַנשליסנדיק אויכ די זאכ פונ אָרגאניזירנ די רויטע ארמײ, ווי דעמ פאָרזעצער פונ לענינס זאכ אינ אונדזער גאנצער וואקסנדיקער פארטײַישער אונ מעלוכישער בויונג,

ווי א פירער — א בויער, וועלכער שפּארט זיכ אָנ אפ זײַנ גוואלדיקער און פארשיידנזײַטיקער פּראקטישער דערפארונג, וועלכער איז א קענער פונ אונדזערע קאדרענ און פונ די לעבנס-באדינגונגענ פונ די פעלקער פונ פססר.

שטענדיק נאָענט צו דער פּראקטיק — אינ די שווערע יאָרנ פונ באָלשעוויסטישנ אונטערערד, אינ די שלאכט־טעג פונ אָרגאניזירנ דעמ אָקטיאבער־אופשטאנד, אפ די הויפּט־פראָנטנ פונ בירגער־קריג, אינ די פילצאָליקע געראנגלענ מיט די אָפּאָרטוניסטנ און קאפּיטוליאנטנ אינ דער פּארטיי, אינ די איניאָנימ פונ בויענ די סאָוועטישע מעלוכע אינ אלע אירע אנטשיידנדיקע געביטנ, אײַנשליסנדיק אלע פּראגעס פונ לאנדשוצ, — איז דער כאווער סטאלינ שטענדיק פילבאר צו די מאסנ, צו די שטימונגענ פונ די ארבעטער, פּויערימ און אינטעליגענצ און איז שטענדיק אקטיוו, קאָנסעקווענט און דרייסט בא די גרעסטע באשלוסנ, האלטנדיק זיכ בא אײנ קאָמפּאס — באמ קאָמפּאס פונ מארקסיזמ־לעניניזמ. דעמ כאווער סטאלינ געהערנ די ווערטער: „די פּראקטיק ווערט בלינד, אויב זי באלײַכט ניט פאר זיכ דעמ וועג מיט דער רעוואָליוציאָנערער טעאָריע". און, ווירקלעכ, אינ דער גאנצער קאָלאָסאלער און פארשיידנזײַטיקער פּראקטישער ארבעט טרעט ארויס דער כאווער סטאלינ ווי א קאָנסעקווענטער מארקסיסט, ווי אנ אומקאָמפּראָמיסלעכער לענינעצ.

דער כאווער סטאלינ האָט ניט אײנ מאָל גערעדט וועגנ דעמ, אז עס איז פאראנ מארקסיזמ און „מארקסיזמ". פאראנ אנ עכטער מארקסיזמ — א מארקסיזמ א שעפערישער, א באָלשעוויסטיש־רעוואָליוציאָנערער, וואָס אזא איז אינ אונדזער צײַט דער לעניניזמ. און עס איז פאראנ א מארקסיזמ פונ אנ אנדער טיפּ — א „מארקסיזמ" אינ גענדזנפיסלעכ, א מארקסיזמ א דאָגמאטישער, א מענשעוויסטיש־אנטירעוואָליוציאָנערער, וואָס ווערט בלויז לויט דער אויסערלעכער פאָרמ פארעכנט צומ מארקסיזמ, אָבער אינ טאָכ גענומענ איז ער פרעמד דער רעוואָליוציאָנער־קאָמוניסטישער לערע פונ מארקס־לענינ.

דער כאווער סטאלינ איז דער גרעסטער פאָרשטייער פונ שעפערישנ מארקסיזמ. נאָכמער. דער כאווער סטאלינ איז א גלענצנדיקער פאָרזעצער פונ לענינענ אינ דער זאכ פונ ווײַטער אנטוויקלענ די אידייענ פונ מארקסיזמ, וואָס אינ אונדזער צײַט — אינ דער עפּאָכע פונ אימפּעריאליזמ און פּראָלעטארישער רעוואָליוציע — איז זײַנ נאָמענ לעניניזמ.

ווי אינ איר צײַט די בורזשואזיע אינ אירע אידייִשע אונטערהעלפער פונ אלערליי אָפּאָרטוניסטישע און אנטירעוואָליוציאָנערע גרופּעס אינעמ ארבעטער־קלאס האָבנ געשטרעבט, און אויכ אינ אונדזערע טעג שטרעבנ זיי זיכ אָנ צוצופּאסנ דעמ מארקסיזמ אפ זייער שטייגער, אויסשײַלנדיק פונ אימ דורכ קלוימערשט וויסנשאפטלעכע מיטלענ דעמ רעוואָליוציאָנער־קאָמוניסטישנ יאָדער און דורכ דעמ מאכנ אימ אומגעפערלעכ פארנ קאפּיטאליזמ, — אזוי האָבנ אינ אונדזער צײַט די טראָצקיסטנ, די בוכארינצעס און אלערליי אנדערע פאלסיפיקאטאָרנ געמאכט און מאכנ פּרווונ צו אויסהוילנ פונ דעמ הײַנטצײַטיקנ מארקסיזמ דעמ טאָכ פונ זײַנע אלבאזיגנדיקע רעוואָליוציאָנער־שעפערישע אידייענ — די אידייענ פונ לעניניזמ. דער גאנצער פּעריאָד נאָכ לענינס טויט איז אָנגעפילט אינ אונדזער פּארטיי מיטנ קאמפּ קעגנ די אָפּאָרטוניסטישע און קאפּיטוליאנטישע פארקריפּלונגענ פונ לעניניזמ. די פּארטיי האָט,

אונטער דער אָנפירונג פונעם כאווער סטאלינ, זיגרײַכ פארטײדיקט דעמ לענינִיזמ קעגנ די דאָזיקע פארמעסטונגענ.

גופע דער דאָזיקער קאמפ פאר די אידײענ פונ לענינִיזמ איז געווענ אנ אָפּ־שפיגלונג פונ די נײַע פראגעס, נײַע אויפגאבעס, וואָס האָבנ זיכ געשטעלט פאר אונדזער רעוואָלוציע אונ, הײסט עס, אויכ פאר אונדזער פארטײ. מע האָט ניט געקענט געבנ קײנ געהעריקנ אידײיִשנ ווידערשטאנד אָט די אלע „לינקע“ אונ רעכטע, אינ לעצטנ סאכאקל אלצײַנס אנטיבאָלשעוויסטישע אונ אנטירעוואָלוציאָנערע, וואקלונגענ, ניט געבנדיק קײנ קלאָרנ מארקסיסטיש־לענינישנ ענטפער אפ די נײַע פראגעס, וואָס זײַנענ אויפגעשטעלט געוואָרנ דורכנ אויפשטײַג פונ דער סאָציאליס־טישער רעוואָלוציע אינ פססר.

אינ די ארטיקלענ אונ ארויסטרעטונגענ פונעם כאווער סטאלינ האָט די פארטײ געגעבנ די דאָזיקע ענטפערס. די באריכטנ פונ כאווער סטאלינ האָבנ באטײַט אנ אידײיִשע צעגראָמירונג פונ די סאָנים פונ לענינִיזמ. אינ זײ האָבנ די אידײענ פונ לענינִיזמ, צוזאמענ מיט דעמ, באקומענ זײער ווײַטערדיקע אנטוויקלונג.

איכ וועל זיכ דאָ באגרענעצנ בלויז מיט עטלעכע באמערקונגענ וועגנ דאָס סאמע וויכטיקע.

אלס קארדינאלע פראגע האָט זיכ אינ אונדזער צײַט, נאטירלעכ, געשטעלט די פראגע וועגנ דער מעגלעכקײט פונעמ זיג פונ סאָציאליזמ אינ אײנ לאנד, אינ דער ארומרינגלונג פונ די קאפיטאליסטישע לענדער. לענינ האָט געגעבנ די יעסוידעס פונעמ פאָזיטיוונ ענטפער אפ דער דאָזיקער פראגע, באגרינדנדיק וויסנשאפטלעכ זײַנ באריםטנ טעזיס וועגנ דער מעגלעכקײט פונעמ זיג פונ סאָציאליזמ אינ אײנ לאנד, קוידעמקאָל, מיט דער ניטגלײַכמעסיקײט פונ דער אנטוויקלונג פונ די קאפי־טאליסטישע לענדער אינ דער עפּאָכע פונ אימפעריאליזמ, — ד. ה. אינ די באדינ־גונגענ פונ דער שוינ דערגרײכטער העכערער סטאדיע פונ דער אנטוויקלונג פונעמ קאפיטאליזמ.

צוליב די פילצאָליקע אָפּאָרטוניסטיש־קאפיטוליאנטישע פרווונ צו פארקריפלענ דעמ דאָזיקנ לענינישנ טעזיס, האָט דער כאווער סטאלינ אינ דער פולער מאָס פאנאנדערגעוויקלט די לענינישע לערע וועגנ דער מעגלעכקײט פונעמ זיג פונ סאָ־ציאליזמ אינ אײנעמ, א באזונדער גענומענעמ לאנד אונ, צוזאמענ דערמיט, וועגנ דער מעגלעכקײט צו אויסבויענ א פולשטענדיקע סאָציאליסטישע געזעלשאפט אינ פססר. דערבײַ האָט דער כאווער סטאלינ באוויזנ, וואָס פאר א ביז גאָר גרויסער טראָט פאָרויס אינ דער אנטוויקלונג פונעמ מארקסיזמ, אינ דער אָנווענדונג צומ הײַנטצײַטיקנ פעריאָד פונ קאפיטאליזמ, עס איז די דאָזיקע לענינישע לערע, אונ האָט באוואָפנט אונדזער פארטײ מיט א קלאָרער פערספעקטיוו אינ קאמפ פארנ קאָמוניזמ, וואָס אָנ דעמ איז ניטאָ אונ עס קענ ניט זײַנ קײנ זיגרײַכער קאמפ פאר אויסבויענ די סאָציאליסטישע געזעלשאפט אינ פססר. דעמ כאווער סטאלינ געהערט דער היסטאָרישער פארדינסט פונ אלזײַטיק באגרינדנ אונ אנטוויקלענ די דאָזיקע גרויסע אידײענ פונ לענינִיזמ, וועלכע האָבנ באשײַנט מיט א שטענדיק לויכטנ־דיקנ טורעמ דעמ גאנצנ היסטאָרישנ וועג פונעמ קאמפ פונ קאָמוניזמ פארנ פולשטענ־דיקנ זיג איבערנ קאפיטאליזמ.

איכ וועל זיכ ניט אָפשטעלנ אפ די אנדערע פראגעס פונ דער טעאָרעטישער אנטוויקלונג פונעמ לעניניזמ אינ די ארבעטנ פונעמ כאווער סטאַלינ. איכ וועל בלויז דערמאָנענ, אז אהער געהערנ אזוינע די גרעסטע פונ זיי: די אינדוסטריאַליזאציע פונ פססר, אלס יעסאָד פונעמ זיג פונ סאָציאַליזמ; די קאָלעקטיוויזאציע פונ דער פיל־מיליאָניקער מאסנ פויערישע ווירטשאפטנ, דערבײַ, אפ דער ערשטער סטאדיע, אפנ גרונט פונ אנ ארטעל; דאָס אופהייבנ דעמ קולטור־טעכנישנ ניוואָ פונעמ ארבעטער־קלאס ביזנ ניוואָ פונ די טוער פונ דער אינזשעניער־טעכנישער ארבעט, אלס פאָרבאדינג פונ פארניכטנ באמ קאָמוניזמ דעמ קעגנזאצ צווישנ דער ארבעט דער אינטעלעקטועלער אונ דער ארבעט דער פיזישער; דאָס אלמעגלעכע פארפעסטיקנ די סאָציאַליסטישע מעלוכע, וועלכע געפינט זיכ אינ אנ ארומרינגלונג פונ קאפיטאליסטישע לענדער, קעדיי צו זיכערנ דעמ ענדגילטיקנ זיג פונ קאָמוניזמ איבערנ קאפיטאליזמ; דאָס זיכערנ די אָנפירונג פונ דער קאָמוניסטישער פארטיי אונ דער סאָוועטישער מעלוכע, אײַנשטעלנדיק די אנטשפרעכיקע פאָרמענ אינ זייערע צווישנבאציִונגענ. עס קומט שוינ ניט אויס איבערצוכאזערנ, אז דער כאווער סטאַלינ האָט ניט נאָר בעסער פונ אלע אנדערע פארשטאנענ, נאָר אויכ אנטוויקלט די לענינישע אידייענ וועגנ דעמ, אז אונדזער צײַט פאָדערט צוליב דערפאָלגרײַכנ קאמפ פונעמ ארבעטער־קלאס פארנ קאָמוניזמ, עס זאָל געשאפנ ווערנ א רעוואָליוציאָנערע פארטיי פונ א נײַעמ טיפ — פונעמ טיפ פונ דער באָלשעוויסטישער פארטיי.

די אלעמענ באוווסטע „געשיכטע פונ אלקפ(ב)", וואָס איז געשאפנ געוואָרנ אונטער דער אָנפירונג פונעמ כאווער סטאַלינ, איז ניט פּאָשעט א געשיכטע פונ די גרויסע געשעענישנ אונ רומפולע מײַסימ פונ אונדזער פארטיי, — זי איז א טעאָרעטישע פאראלגעמײנערונג פונעמ וויכטיקסטנ היסטאָרישנ פעריאָד אונ א ביז גאָר ווערטפולער בײַטראָג אינ דער וויסנשאפט פונ מארקסיזמ־לעניניזמ, וואָס ניט באהערשנדיק אימ קענ מענ ניט ווי געהעריק באוואָפענענ זיכ אידייִש צומ ווײַטערדיקנ קאמפ פאר דער זאכ פונ קאָמוניזמ אינ פססר, פאר דער זאכ פונ קאָמוניזמ אינגאנצנ גענומענ.

די געשיכטע פונ דער באָלשעוויסטישער פארטיי באווײַזט, צוזאמענ דערמיט, אז נאָר אזא פארטיי האָט געקענט געבוירנ אונ אויסשמידנ אזוינע גרויסע פירער ווי וו. אי. לענינ, ווי י. וו. סטאַלינ.

II

# סטאַלינ אלס פירער פונ פססר

אלס פירער פונ דער אלקפ(ב), איז דער כאווער סטאַלינ, גלײַכצײַטיק, אויכ דער פירער פונ פארבאנד סאָוועטישע סאָציאַליסטישע רעפובליקנ. דאָס איז פולשטענדיק נאטירלעכ, ווײַל אונדזער פארטיי געהערט די אָנפירנדיקע ראָל אינ דער סאָוועטישער מעלוכע, וועלכע פארווירקלעכט די דיקטאטור פונעמ ארבעטער־קלאס אפנ גרונט פונעמ בונד מיטנ ארבעטנדיקנ פויערטומ.

די ראָל פונ כאווער סטאַלינ, אלס פירער פונ פססר, פארדינט א ספעציעלע

אופמערקזאמקײַט, באזונדערס דערפאר, װײַל צום אונטערשייד פון דער פארטיי, װעלכע איז א פרײַװיליקע אָרגאניזאציע פונעם אװאנגארד פון די ארבעטנדיקע און דעריבער, לויט לענינס אויסדרוק „איז די פארטיי די העכסטע פאָרם פון דער קלאסאָװער פאראייניקונג פונעם פראָלעטאריאט",—איז די מעלוכע פון דער דיקטאַ־טור פונעם ארבעטער־קלאס — אן אָרגאניזאציע, װעלכע כאפט ארום די גאנצע מאסע פון דער באפעלקערונג מיט אירע נאָך עקזיסטירנדיקע קלאסן־אונטערשיידן און דערבײַ אין אָרדענונג פון אָבליגאטאָרישער אונטעראָרדענונג פון אלע בירגער פון לאנד דעם װילן פון דער מעלוכע־מאכט, װעלכע שטעלט פאָר, אין פערזאָן פונעם ארבעטער־קלאס, װאָס שטייט בא דער מאכט, די אינטערעסן און דעם װילן פון דער מערהײַט פון פאָלק. פון דעם איז צו זען, ערשטנס, װאָס פאר א װיכטיקע און מאמעש אנטשיידנדיקע באדײַטונג עס האָט די אָנפירונג פון דער פארטיי מיט דער מעלוכישער אָרגאניזאציע און, צװייטנס, די נייטיקײַט פון באזונדערע פאָרמען פון דער דאָזיקער אָנפירונג, אנטשפרעכיק מיטן פעריאָד און מיטן כאראקטער גופע פון די באזונדערע צװײַגן פון דער מעלוכישער ארבעט. געבנדיק א צעשמעטערנדיקן טעאָרעטישן אָפּשטויס דער טראָצקיסטיש־זינאָװיעװיש־בוכארינישער פאלסיפיקאציע פון לעניניזם, לויט װעלכע די דיקטאטור פונעם ארבעטער־קלאס פלעגט פארפלאכט אידענטיפיצירט װערן מיט דער „דיקטאטור פון דער פארטיי", האָט דער כאװער סטאלין געגעבן א קלאסיש־מארקסיסטישע פאנאנדערארבעטונג פון דער פראגע װעגן דער פארטיי און דעם ארבעטער־קלאס אין דער סיסטעם פון דער דיקטאטור פון פראָלעטאריאט. באזונדערס, דארף מען דאָ זאָגן װעגן דעם בארימטן ארטיקל „צו די פראגעס פון לעניניזם".

אָבער אפילע אלץ, װאָס דער כאװער סטאלין האָט אָנגעשריבן, איז בלויז א ניט גרויסער טייל פון דעם, װאָס ער האָט אופגעטאָן פאר דער פארטיי און פאר די ארבעטנדיקע אין די שמועסן, באגעגענישן און בעראטונגען פאר דער אידײישער באלויכטונג פון דער קארדינאלער פראגע פון דער רעװאָליוציע, דער פראגע װעגן די אופגאבעס פון דער סאָציאַליסטישער מעלוכע. דערצו דארף מען צוגעבן, אז זײַן ניט שטענדיק אויסערלעך באמערקבארער, אָבער אין דער פראקטיק ביז גאָר אקטי־װער אָנטייל אין אלע מעלוכישע איניאָנים לאָזט זיך פילן אין אלץ אף יעדן טראָט.

עס איז באװוסט די אויסשליסלעכע ראָל פונעם כאװער סטאלין אין דער אויס־בילדונג גופע פונעם פארבאנד סאָװעטישע סאָציאַליסטישע רעפובליקן.

מער פון אלעמען האָט דער כאװער סטאלין אן ארבעט געטאָן איבערן שאפן פון די ניט געװען פאראייניקטע סאָװעטישע רעפובליקן א פעסטן מיט זײַן פאָליטישער איינהײַט סאָװעטנפארבאנד און איבערן צונויפשטעלן זײַן ערשטע קאָנסטיטוציע. דורכ דעם איז פארלייגט געװאָרן דער פונדאמענט פון דער מעכטיקער סאָװעטישער מעלוכע, װאָס באזירט זיך אף דער גרויסער פרײַנטשאפט פון די סאָװעטישע פעל־קער.

די איצטיקע קאָנסטיטוציע פון פססר האָט באקומען אין פאָלק דעם נאָמען „סטאלינישע קאָנסטיטוציע". דורכ דעם איז אָפּגעמערקט געװאָרן ניט נאָר דער נאָ־מען פונעם שעפער פון איר פראָיעקט, נאָר עס איז אויכ אונטערגעשטראָכן, און־טער װאָס פאר א פאָן דער סאָװעטנפארבאנד איז געקומען צו יענע גרויסע זיגן,

װעלכע זײַנען פארשריבנ געװאָרנ אינ אונדזער קאָנסטיטוציע. די דאָזיקע קאָנסטיטוציע האָט פארפעסטיקט די ברײטע דעמאָקראטישע רעכט פונ די נאַציאָנאַליטעטנ, װעלכע גײען ארײַנ אינעם פילנאַציאָנאַלנ סאָװעטנפארבאַנד אונ האָט, צוזאַמענ מיט דעמ, פארפעסטיקט פסטר, אַלס אײנהײַטלעכע סאָציאַליסטישע מעלוכע, װאָס איז דאָס פאָרבילד פונ דער ברידערלעכער מיטארבעט פונ די פעלקער פונ גאָר דער װעלט.

עס איז ניט צופעליק אויכ דאָס, װאָס נאָכנ זיג פונ דער אָקטיאַבער־רעװאָליוציע איז דער כאַװער סטאַלינ געװאָרנ פאָלקס־קאָמיסאַר איבער די נאַציאָנאַלע אינ־יאָנימ. אײַנשטעלנ די מיטארבעט אונ, הײסט עס, אויכ דעמ צוטרוי צװישנ די פעלקער, װאָס צװישנ זײ זײַנען די רוסנ געװענ אינ פארלויפ פונ יאָרהונדערטער א הערשנדיקע נאַציע, אונ אַלע אַנדערע נאַציאָנאַליטעטנ זײַנען געװענ אונטער־דריקט, אָדער אפילע פאָשעטע אינ דער לאַגע פונ קאָלאָניעס — איז געװענ ניט קײנ לײַכטע זאַכ. דער כאַװער סטאַלינ האָט זיכ גלענצנדיק ספראַװעט מיט זײַנ אויפגאַבע, — זיכ ספראַװעט דורכנ אומאָפנײגלעכנ קאַמפ קעגנ די איבערבלײַבע־כישנ פונעמ גרויסהערשערישנ שאָװיניזמ אונ דורכ דער אָקשאָנעסדיקער ארבעט אינ דער סװיװע פונ די פאָרשטײער פונ די נאַציאָנאַליטעטנ, װאָס זײַנען געװענ אונטערדריקט אינעם אַלטנ רוסלאַנד, צו שאַפנ דעמ צוטרוי אונ די פרײַנטלעכע באַ־ציִונגענ צװישנ אַלע פעלקער פונ פסטר.

דאָס איז געװאָרנ מעגלעכ דערפאַר, װײַל דער כאַװער סטאַלינ איז אויכ אינ דער דאָזיקער זאַכ, אינעמ לײזנ די נאַציאָנאַלע פראַגע געגאַנגענ מיטנ לענינישנ װעג. נאָכ מיט א צײַט ביז דער רעװאָליוציע האָט ער, צוגלײַכ מיט לענינען, טעאָרעטיש פאַנאַנדערגעארבעט די פרינציפיעלע יעסוירעס פונ דער נאַציאָנאַלער פראַגע פונעמ שטאַנדפונקט פונ מאַרקסיזמ. זײַנ בראָשור „דער מאַרקסיזמ אונ די נאַציאָנאַלע פראַגע“ (1913 יאָר) געהערט מיט רעכט צו דער צאָל גרונט־ארבעטנ איבער דער מאַרקסיסטישער טעאָריע. לויט דער דאָזיקער ארבעט זעט מענ, אז שוינ דעמאָלט האָט זיכ איר אויסאָר אויסגעבילדעט, װי א גרעסטער טעאָרעטיקער פונ מאַרקסיזמ. עס איז דעריבער פארשטענדלעכ, אז אונדזער פאָליטיק איבער דער נאַציאָנאַלער פראַגע איז שוינ פונ לאַנג באַװוּסט אַלס „לעניניש־סטאַלינישע נאַציאָנאַלע פאָליטיק“.

נאָכ דעמ איז פארשטענדלעכ, װאָס ניט נאָר די פאַרטײ, נאָר אויכ די פעלקער פונ אונדזער גאַנצנ לאַנד זעענ אינ דעמ כאַװער סטאַלינ זײער פירער — דעמ פירער פונ פסטר.

אונטער לענינס אָנפירונג איז דער כאַװער סטאַלינ געװענ דער הויפט־אָרגאַניזאַטאָר פונעמ אָקטיאַבער־אויפשטאַנד, װעלכער האָט געמאַכט דעמ אָנהײב פונ דער סאָװעטנמאַכט. נאָכנ זיג פונ אָקטיאַבער, איז דער כאַװער סטאַלינ געװענ דער גרונט־בויער פונ דער רויטער אַרמײ, װעלכע האָט אפ די גרונט־פראָנטנ פונ בירגער־קריג אונטער זײַנ אומיטלבאַרער אָנפירונג פארטײדיקט די עקזיסטענצ פונ דער סאָװעטישער מעלוכע קעגנ דער אינטערװענצ מיצאַד די אימפעריאַליסטישע מעלוכעס. פאַר אַלע דורכגעגאַנגענע יאָרנ איז ער געװענ דער באַגײַסטערער פונ דער גאַנצער ארבעט צו פארפעסטיקנ די מעכטיקײַט פונ דער רויטער אַרמײ, אַלס אַנט־

שיידנדיקע גאראנטיע פונ דער מעלוכישער אומאָפהענגיקײַט פונ פססר. אדאנק דעם אלעמענ, איז אונדזער מעלוכע ענדגילטיק פארפעסטיקט געוואָרנ און איר זײַנעג ניט שרעקלעכ קיינע פארמעסטונגענ פונ אויסנ.

אונטער דער אָנפירונג פונעם כאווער סטאלינ האָט די פארטיי אינ גרונט שוינ אויסגעבויט די סאָציאַליסטישע געזעלשאפט, וואָס עס האָט נאָכ ניט געקענט פארווירקלעכנ לענינ — דער גרונטלייגער פונ פססר. עס איז געשאפנ געוואָרנ א מעכטיקע, אומאָפהענגלעכ וואקסנדיקע אינדוסטריע, וועלכע איז אויסגעשטאט מיט א רײַכער און פאָרגעשריטענער טעכניק, און עס זײַנען אויסגעוואָקסנ קאדרענ מענטשנ, וועלכע האָבנ באהערשט די טעכניק, וואָס פריִער זײַנען זיי געווען ווייניק און וועלכע בילדנ איצט, אינ דער געשטאלט פונ די סטאכאנאָווצעס און פונ די פאָרזעצער פונ דער סטאכאנאָווישער זאכ, א ריזיקע קראפט און באווײַזנ אלץ נײַע וונדער פונ סאָציאַליסטיש־באוווסטזיניקער ארבעט. עס איז איבערגעבויט געוואָרנ דאָס דאָרפ מיט זײַנ פריִערדיקנ אָקעאנ קליינע ווירטשאפטנ אפ נײַע יעסוידעס — עס איז געשאפנ געוואָרנ די קאָלווירטישע ווירטשאפט מיט אירע גוואלדיקע מעגלעכקײַטנ און עס איז געעפנט געוואָרנ א וועג פארנ מעכטיקנ אופשטײַג פונ אלע צווײַגנ פונ דער פאָלקס־ווירטשאפט. אפ א ראדיקאלנ אופנ זײַנען פארבעסערט געוואָרנ די מאטעריִעלע און קולטורעלע לעבנס־באדינגונגענ פונ די ארבעטער, פויערים און פונ די ברייטע שיכטנ אינטעליגענץ. די קולטור פונ די פעלקער, די וויסנשאפט, די ליטעראטור, די קונסט, וואָס זײַנען באפרײַט געוואָרנ פונ די מאטעריִעלע פענטעס און פונ דעם עקלהאפטנ באדינענ די רײַכע, האָבנ צום ערשטנ מאָל אינ דער וועלט־געשיכטע באקומענ א מעגלעכקײַט צו דינענ מיט זייער שאפנ אינ דער פולער מאָס דעם פאָלק, דינענ דעם אופבלי פונ זײַנ פרײַענ גליקלעכנ לעבנ.

ווער ווייס עס ניט, וואָס פאר א באגײַסטערנדיקע און אָרגאניזירנדיקע ראָל עס האָבנ אינ דעם אלעמענ געשפילט די „סטאלינישע פינפיאָרנ“ און די פערזענלעכע איניציאַטיוו פונעם כאווער סטאלינ, סײַ אינ די גרעסטע איניאָנים פונ דער ווירטשאפטלעכער און קולטורעלער בויונג, אזוי אויכ אינ די „לויפנדיקע“ טאָגטעגלעכע איניאָנים און זאָרגנ וועגנ פארבעסערנ די ארבעט פונ אונדזערע אָרגאניזאציעס, ביז די סאמע קלענסטע ארײַנגערעכנט. מיט דער איניציאַטיוו און מיטנ אקטיווסטנ אָנטייל פונעם כאווער סטאלינ איז פארבונדנ אלץ, וואָס איז וויפל ניט איז וועזנטלעכ, וואָס די פארטיי און די רעגירונג האָבנ פאר די דאָזיקע יאָרנ אופגעבויט און בויען אינ פססר, אינ דעם ערשטנ לאנד פונ סאָציאַליזם.

דער כאווער סטאלינ האָט אופגעמאָנ אויסערגעוויינלעכ פיל אינ דער זאכ פונ דער שאפונג און דעם וווקס פונ פססר, אלס פילנאציאָנאלע מעלוכע מיט זײַנ פארנאנדערבלי פונ די נאציאָנאלע קולטורנ, — וואָס איז פעסט מיט דער ברידערלעכער מיטארבעט און פרײַנטשאפט פונ די פעלקער. דער פאקט אליינ פונ דער עקזיסטענץ פונ אזא מעלוכע, ווי דער סאָוועטפארבאנד, וועלכער וואקסט אומאָפהייגלעכ ווירטשאפטלעכ, קולטורעל און פאָליטיש, — אָט דער פאקט אליינ באשטימט פאָרויס דעם ניט לאנגדויערנדיקנ גורל פונ דער קאפיטאליסטישער וועלט מיט איר פאָליטיק פונ צעבלאָזנ נאציאָנאלע פײַנטשאפט און מיט דעם אומדערטרעגלע.ג קאָלאָ־

ניאַלנ דרוק פאַר אַסאַכ פעלקער, מיט אירע פאַרברעכערישע אימפּעריאַליסטישע מילכאָמעס, וואָס פּײַניקן די פעלקער צוליב די אײגננוציקע אינטערעסנ פונ די רעגירנדיקע קרײַזנ פונ דער בורזשואַזיע.

אונטער דער אָנפירונג פונעם כאַווער סטאַלינ האָבנ מיר זיגרײַכ גראָמירט די סאָנים פונ פאָלק, האָבנ געריייניקט אונ וועלנ רייניקנ פונ די פײַנטלעכע, שפּיאָנישע אונ שעדיקערישע עלעמענטנ דעם מעלוכע־אַפּאַראַט. עס איז באַוווּסט, אַז אָט די אַלע מאָסמיטלענ פאַרבעסערנ אַפ אַסאַכ די אַרבעט פונ אונדזערע אָרגאַנענ, רייניקנ אָפּ אַ וועג צום אַרויסרוקנ פרישע, ערלעכע אונ באַוווּסטזיניקע קאַדרענ טוער, פאַרפעסטיקנ אונדזער מעלוכע. די באָלשעוויסטישע וואַכזאַמקײַט אינ באַצוג צו די סאָנים, וואָס ווערט דורכגעפירט ניט אַפנ וואָרט, נאָר אינ דער פּראַקטיק, האַלטנ מיר פאַרנ בעסטנ צײַגער פונ דער שלאַכט־פײַקײַט אונ רײַפקײַט פונ אונדזערע קויכעס, פונ אונדזער פּאַרטיי אונ מעלוכע.

מיט דער איניציאַטיוו אונ אָנפירנדיקנ אָנטייל פונעם כאַווער סטאַלינ זײַנענ אויכ פאַרבונדנ אַלע אונדזערע באַשלוסנ אינ געביט פונ דער אינערלעכער אונ אויסערלעכער פּאָליטיק, וועלכע זיכערנ די פעלקער פונ סאָוועטנפאַרבאַנד רויִקײַט, אַ דויערנדיקנ שאָלעם אונ דעמ צווישנפעלקערלעכנ אויטאָריטעט פונ פּססר.

אינעם סאָוועטנפאַרבאַנד האָט זיכ אײַנגעשטעלט אַנ אויסגעצייכנטע נאָענטקײַט צווישנ די קאָמוניסטנ אונ די „אומפּאַרטיייִשע באָלשעוויקעס“, וואָס זייער צאָל וואַקסט שנעל סײַ צווישנ די אַרבעטער אונ פּויערים, אַזוי אויכ צווישנ דער אינטעליגענץ. אַזאַ איז איינער פונ די גרעסטע דערפּאָלגנ פונ אונדזער פּאַרטיי פאַר די לעצטע יאָרנ.

עס איז פאָרגעקומענ אַ גרויסע דערנעענטערונג אויכ צווישנ די פעלקער פונ פּססר. ניט געקוקט אַפנ גאַנצנ אונטערשייד אינ זייער היסטאָרישער אַנטוויקלונג אונ אינ זייער שטייגער, איז דער זיג פונעם סאָציאַליזם אונ דאָס שאַפנ אינ פּססר די יעסוידעס פונ דער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט, וואָס איז באַפרײַט געוואָרנ פונ דער דויערסדיקער עקספּלואַטאַציע פונ מענטש דורכ מענטש אונ וואָס גיט אַ ריכטיקע צונויפפאָרונג פונ די אינטערעסנ פונ די פעלקער אינ דער זאַכ פונ זייער אַלגעמיינעם עקאָנאָמישנ אונ קולטורעלנ אופשטײַג, זיכערנ אַ ברידערלעכע דערנעענטערונג צווישנ די סאָוועטישע פעלקער, וואָס וואַקסט בא אַלעמענ פאַר די אויגנ, אונ אומבאַגרענעצטע מעגלעכקײַטנ פאַר די ווײַטערדיקע דערפּאָלגנ פונ פּססר.

די מאָראַליש־פּאָליטישע אײנהײַט פונ אונדזער געזעלשאַפט, אינ וועלכער יעדער פאָלק איז פרײַ אינעם אײַנאָרדענענ זײַנ לעבנ אונ אַלע פעלקער צוזאַמענ העלפנ איינס דעם אַנדערנ אינ דער אומאָפּהענגלעכער באַוועגונג פאָרויס, צום גליקלעכנ לעבנ פונ די פעלקער פונ פּססר, — אַזאַ איז דער רומפולער סאַכאַקל פונעם וווּקס אונ איבערגעשטאַלטונג פונ אונדזער לאַנד אונטער דער אָנפירונג פונ דער פּאַרטיי פונ לענינ־סטאַלינ. דער פירער אונ די פאָנ פונ דער דאָזיקער אײנהײַט פונ די פעלקער, דער פירער פונ די פעלקער פונ פּססר, ווי עס ווייסנ דאָס די אַרבעטנדיקע פונ גאָר דער וועלט, איז דער גרויסער פאָרזעצער פונ לענינס זאַכ — אונדזער סטאַלינ, אַרומ וועלכנ עס איז באַהעפט אונדזער פּאַרטיי, די סאָוועטישע פעלקער, אַלדאָס בעסטע אינ דער אַלוועלטלעכער באַפרײַונגס־באַוועגונג.

* * *

אינעמ פירער פונ באָלשעוויזמ, אינעמ פירער פונ די פעלקער פונ פססר זעענ די ארבעטער פונ אלע לענדער, נאטירלעכ, אויכ דעמ פירער פונעמ אלוועלטלעכנ קאָמוניזמ. אויכ דערינ איז דער כאווער סטאלינ א ווירדיקער פאָרזעצער פונ לענינענ.

דער סאָוועטנפארבאנד האָט פארקערפערט אינ לעבנ די לערע וועגנ קאָמוניזמ. פססר האָט מיטנ עצעמ פאקט פונ זײַנ עקזיסטענצ, מיט די דערפאָלגנ פונ זײַנ קאמפ פארנ פולשטענדיקנ זיג פונ דער נײַער געזעלשאפט, אופגעטאָנ זייער פיל פאר דער זאכ פונ קאָמוניזמ. דאָס פארשטייט בעסער פונ אלעמענ דער כאווער סטאלינ, וועלכער ווייס ניט פונ קיינ מידקײַט דאָרט, ווו עס האנדלט זיכ וועגנ זיכערנ נײַע אונ נײַע דערפאָלגנ פונ פססר.

די קאָמוניסטנ קומט אויס ניט זעלטנ בײַצוקומענ גרויסע שוועריקײַטנ, קעדיי צו געפינענ אנ ענטפער אונ דערקלערנ פאר די מאסנ דעמ אָדער יענעמ נײַעמ קער אינ די פאָרקומענדיקע געשעענישנ, ווײַל די קאפיטאליסטישע געזעלשאפט האָט אוועקגעשטעלט צו איר דינסט אלצ אונ אלעמענ, קעדיי אויסצובאהאלטנ אָדער, ווייניקסטנס, פארקריפלענ דעמ זיג פונ די „אומאָנגענעמע“ פאר איר אונ אלצ אָנוואקסנדיקע געשעענישנ. מיט גרויס מי, ניט געקוקט אפ די צאָלרײַכע שוועריקײַטנ, לייגט זיכ דורכ דעמ וועג פאָרויס, דעמ וועג צומ פולשטענדיקנ זיג, די לערע פונ קאָמוניזמ.

אזוי איז געווענ ביז דאנ, קאָלזמאנ אונדזער פאָלק האָט ניט דורכגעשלאָגנ פאר זיכ אנ ארויסגאנג צומ נײַעמ לעבנ אונ קאָלזמאנ ער האָט, אלס פאָרגעשריטענער אָטריאד צווישנ די הײַנטצײַטיקע פעלקער, ניט דורכגעפירט די אָקטיאבער־רעוואָליוציע אונ ניט אויסגעבויט די סאָציאליסטישע געזעלשאפט צומ רומ אונ צו דער פרייד פונ די ארבעטנדיקע אונ אונטערדריקטע פונ גאָר דער וועלט. פונ דאנ אָנ האָט זיכ די לאגע אינ גרונט געענדערט. פונ דער דאָזיקער צײַט אָנ וואקסט שנעל די זיכערע באזע פונ דער גאנצער זאכ פונ קאָמוניזמ אונ, דעריקער, אינ דעמ ארבעטער־קלאס אונ צווישנ דער גאנצער מאסע ארבעטנדיקע אונ אונטערדריקטע דורכנ קאפיטאל רײַפט אומאָפנייגלעכ דער גלויבנ אינ זייער נאָענטנ זיג.

דער סאָוועטנפארבאנד באווײַזט מיט זײַנ גאנצער אנטוויקלונג, מיטנ וווּקס פונ די קויכעס אונ מיט זײַנע אומבאגרענעצטע מעגלעכקײַטנ אינעמ אײַנאָרדענענ א ליכטיק לעבנ פאר די ארבעטנדיקע, אינ וואָס עס ליגט די קראפט פונ קאָמוניזמ, אינ וואָס עס איז דער וועג פונ די ארבעטנדיקע צומ פולשטענדיקנ זיג. דער סאָוועטנפארבאנד באווײַזט אָנשוילעכ די גאנצע גרויסע באדײַטונג פונ דער קראפט, וואָס אָרגאניזירט די סאָציאליסטישע געזעלשאפט, — דער באָלשעוויסטישער פארטיי אונ די באדײַטונג פונ דער שעפערישער ארבעט פונ אירע גרויסע פירער — וו. אי. לענינ אונ י. וו. סטאלינ.

לענינ איז געווענ דער פירער פונ דער באָלשעוויסטישער פארטיי, פונ דער סאָציאליסטישער רעוואָליוציע, פונ דעמ סאָוועטנפארבאנד. דער כאווער סטאלינ איז דער ווירדיקער פאָרזעצער פונ די גרויסע טאטנ פונ וו. אי. לענינענ. אָט פארוואָס דער כאווער סטאלינ איז ארומגערינגלט מיט אזא צוטרוי אונ ליבשאפט פונ די ארבעטנדיקע.

---

א. שטשעגלאָוו

# „וועגנ די יעסוידעס פונ לעניניזמ“ פונ י. סטאַלינ

צו די וויכטיקסטע ווערק סטאַלינס, וועלכע האָבנ געשפּילט די הויפּט־ראָל אינ דער זאַכ פונ אידייִש צעגראָמירנ די סאָנימ פונ דער פּאַרטיי, געהערט דאָס בוכ „וועגנ די יעסוידעס פונ לעניניזמ“, וואָס איז דערשינענ אינ 1924 יאָר.

„דער קורצער קורס געשיכטע פונ דער אַלקפּ(ב)“ ווײַזט אָנ, אַז די דאָזיקע אַרבעט סטאַלינס „האָט באַוואָפנט דעמאָלט אונ באַוואָפנט איצט די באָלשעוויקעס אינ גאַר דער וועלט מיטנ שאַרפנ געווער פונ דער מאַרקסיסטיש־לענינישער טעאָריע“ *).

אינ אַפּרעל 1924 יאָר האָט דער כאַווער סטאַלינ דורכגעלייענט אינ סווערדלאָווער אוניווערסיטעט זײַנע באַרימטע לעקציעס, וועלכע זײַנענ אַרויסגעגעבנ געוואָרנ ווי אַ בראָשור „וועגנ די יעסוידעס פונ לעניניזמ“. די דאָזיקע לעקציעס האָבנ אויסגעביל־דעט דעמ יאָדער פונ איינעמ פונ די גרעסטע ווערק פונ דער מאַרקסיסטיש־לענינישער טעאָריע — אונ סטאַלינס געניאַלנ בוכ — „פּראַגנ פונ לעניניזמ“.

דער כאַווער סטאַלינ האָט געווידמעט זײַנ אַרבעט „וועגנ די יעסוידעס פונ לעניניזמ“ דעמ לענינישנ רופ אינ דער פּאַרטיי, יענע הונדערטער טויזנטער אַרבע־טער, וועלכע זײַנענ געקומענ אינ פּאַרטיי, כדי צו פאַרבײַטנ אָפּנ שלאַכט־פּאָסטנ דעמ פאַרשטאָרבענעמ פירער. דער כאַווער סטאַלינ האָט געשאַפנ זײַנ ווערק, כדי צו דערציִענ אינ גײַסט פונ לעניניזמ די דאָזיקע הונדערטער טויזנטער יונגע קאָמו־ניסטנ, כדי אויסשמידנ פונ זיי נײַע קאַדרעג באָלשעוויקעס לענינצעס. די אויפ־גאַבע, וועלכע דער כאַווער סטאַלינ האָט אַוועקגעשטעלט, איז באַקרוינט געוואָרנ מיט פולשטענדיקנ דערפאָלג. דער לענינישער רופ האָט אויסגעבילדעט איינעמ פונ די וויכטיקסטע אָטריאַדנ פונ די סטאַלינישע קאַדרענ פונ דער פּאַרטיי, וואָס אָנשפּאַרנ־דיק זיכ אָפּ זיי האָט דער כאַווער סטאַלינ אונ דער סטאַלינישער צענטראַל־קאָמי־טעט פונ פּאַרטיי צעגראָמירט די טראָצקיסטנ, די בוכאַרינצעס אונ אַנדערע סאָנימ פונ לעניניזמ.

איבערגעבנדיק אונ אַנטוויקלענדיק אינ זײַנ בוכ „די יעסוידעס פונ מאַרקסיזמ־לעניניזמ“, מערקט אָפּ דער כאַווער סטאַלינ דאָס נײַע, וואָס לענינ האָט אַרײַנגע־טראָגנ אינ דעמ אוצער פונ מאַרקסיזמ. ער גיט אַ קלאַסישע דעפיניציע פונ לעניניזמ,

*) „קורצער קורס געשיכטע פונ אַלקפּ(ב)“, ז. 255.

אלס מארקסיזמ אינ דער עפּאָכע פונ אימפּעריאליזמ און פּראָלעטארישע רעוואָליוציעס.

די סטאלינישע דעפיניציע פונ לעניניזמ האָט געגעבנ אנ אנטשיידענעמ קלאַפּ אלע פרוווּנ פונ די סאָנימ פונ דער פּארטיי צו פארקריפּלענ דעמ טאָכ פונ לעניניזמ, אָפּצורייַסנ אימ פונעמ מארקסיזמ, דערפירנ דעמ לעניניזמ בלויז צו אנ אָנווענדונג פונעמ מארקסיזמ אינ דער פּראקטיק, פאָרשטעלנ אימ ווי א נאציאָנאל באגרענעצטע לערע, אלס מארקסיזמ, וואָס איז אָנגעווענדעט געוואָרנ אינ דער אומגעבונג פונ אנ אָפּגעשטאנענעמ פויערישנ לאנד.

דער כאווער סטאלינ עפנט פאנאנדער די סיבעס פונ דעמ, פאר וואָס דער צענטער פונ לעניניזמ איז געוואָרנ רוסלאנד. רוסלאנד איז געווענ דער קנופּ־פּונקט פונ אלע ווידערשפּרוכנ פונעמ אימפּעריאליזמ, רוסלאנד האָט געשוואנגערט מיט דער רעוואָליוציע מער, ווי א וואָסער ניט איז אנדער לאנד. בלויז רוסלאנד איז, דעריבער, פייִק געווענ צו לייזנ די ווידערשפּרוכנ פונעמ אימפּעריאליזמ אפ א רעוואָליוציאָנערנ אויפנ.

אינ רוסלאנד איז דער יאָכ — דער קאפּיטאליסטישער, קאָליאָניאלער און מיליטערישער געווענ אויסגעדריקט אינ אנ אמערסטנ אומענטשלעכער און בארבארישער פאָרמ. דאָס צארישע רוסלאנד איז געווענ דער רעזערוו פונעמ מייַרעווּדיקנ אימפּעריאליזמ, זייַנ וואכ־הונט. די אינטערעסנ פונעמ צאריזמ און פונעמ מייַרעווּדיקנ אימפּעריאליזמ האָבנ זיכ צונויפגעגאָסנ אפ אזויפיל, אז דער, וואָס האָט געוואָלט שלאָגנ איבערנ צאריזמ, פלעגט אומפארמיידלעכ זיכ פארמעסטנ אויכ אפנ אימפּעריאליזמ. די בורזשואז־דעמאָקראטישע רעוואָליוציע האָט געדאַרפט אפ אזא אויפנ אומפארמייַדלעכ אריבערוואקסנ אינ א רעוואָליוציע א סאָציאליסטישער. דעריבער האָט דער צענטער פונ דער רעוואָליוציאָנערער באוועגונג געדארפט זיכ איבערשטעלנ אינ רוסלאנד.

דער כאווער סטאלינ האָט באוויזנ, אז לענינענ איז אויסגעקומענ אופשטעלנ, אָפּרייניקנ און אנטוויקלענ דעמ מארקסיזמ אינ קאמפ קעגנ דעמ אָפּאָרטוניזמ פונעמ צווייטנ אינטערנאציאָנאל. די אָפּאָרטוניסטנ האָבנ פארביטנ מארקס שלאכט־טעאָריע אפ טויטע דאָגמעס. אנשטאָט דער רעוואָליוציאָנערער פּאָליטיק האָבנ אינ דעמ צווייטנ אינטערנאציאָנאל געהערשט צעקראָכענע פּיליסטערישקייַט, פּאָליטיקאנישקייַט, פּארלאמענט־קאָמבינאציעס. די פארשיידענע „קאוטשוקענע" רעזאָליוציעס פלעגנ פארבייַטנ די מארקסיסטישע דערלייזונג פונ די שארפע פראַגנ פונ קלאסנ־קאמפּ.

„דערווייַל האָט זיכ אָנגערוקט דער נייַער פּעריאָד פונ די אימפּעריאליסטישע מילכאָמעס און רעוואָליוציאָנערע געראנגלענ פונעמ פּראָלעטאריאט. די אלטע קאמפּס־מעטאָדנ זייַנענ געוואָרנ בעפיירעש ניט גענוגנדיק און אָנמעכטיק פאר דער אלמעכטיקייַט פונ דעמ פינאנס־קאפּיטאל.

עס איז נייטיק געווענ איבערקוקנ די גאנצע ארבעט פונ דעמ צווייטנ אינטערנאציאָנאל, זייַנ גאנצנ מעטאָד פונ ארבעט, ארויסשלייַדערנ די פּיליסטערישקייַט, די שמאָלקעפּיקייַט, די פּאָליטיקאנישקייַט, די רענעגאטישקייַט, דעמ סאָציאל־שאָוויניזמ, דעמ סאָציאל־פּאציפיזמ. עס איז נייטיק געווענ דורכקאָנטראָלירנ דעמ גאנצנ ארסענאל פונעמ צווייטנ אינטערנאציאָנאל, ארויסוווארפנ אלראָס פארזשאווערטע און צע־

קראַכנעֶ, אויסשמידנ נײַע מינימ געווער. אָנ אזא פּאָרלויפיקער ארבעט איז ניט געווענ וואָס צו טראכטנ וועגנ גײנ מילכאָמע האלטנ קעגנ דעמ קאפּיטאליזמ. אָנ דעמ האָט דער פּראָלעטאריאט ריזיקירט צו פארבלײַבנ אינדערצײַט פונ די נײַע רעוואָליוציאָנערע גערא‌נגלענ ניט געווּנג באוואָפנט, אָדער אפילע פּאָשעט אנטוואָפנט.

דער דאָזיקער קאָוועד פונ א גענעראלער דורכקאָנטראָלירונג אונ גענעראלער רײניקונג פונ די אוגישטאלנ פונ צווייטנ אינטערנאציאָנאל איז אויסגעפאלנ אפנ גוירל פונ לעניניזמ.*).

אינ אזא אומגעבונג איז געבאָרנ געוואָרנ אונ האָט זיכ אויסגעשמידט דער לעניניזמ. אינ פײַער פונ די קלאסנ־שלאכטנ האָבנ לענינ אונ סטאלינ ווידער פארײ־ניקט די טעאָריע אונ די פראקטיק, וועלכע די אָפּאָרטוניסטנ האָבנ צעריסנ, האָבנ אופגעשטעלט, אנטוויקלט אונ קאָנקרעטיזירט דעמ מארקסיזמ, האָבנ געשאפנ א פּארטיי פונ א נײַעמ טיפּ — א באָלשעוויסטישע פּארטיי, א פעסט באהעפטע, אנ אומקאָמפּראָמיסלעכע אינ באצוג צו דער בורזשואזיע אונ צו אירע אגענטנ.

* *
*

אינ די „יעסוידעס פונ לעניניזמ“ גיט איבער אונ אנטוויקלט דער כאוועֶר סטאלינ די קארדינאלע האנאָכעס פונ מארקסיזמ־לעניניזמ, קלאָרט אויס דאָס נײַע, וואָס געהערט לענינענ, וואָס ער האָט ארײַנגעטראָגנ אינ מארקסיזמ. ער קלאָרט אויס דעמ טאָכ פונעמ רעוואָליוציאָנערנ אונ קריטישנ מעטאָד פונעמ לעניניזמ — פונ דער מאטעריאליסטישער דיאלעקטיק, דאָס אָרט אונ די באדײַטונג פונ דער טעאָריע אינ דער טעטיקײַט פונ דער מארקסיסטישער פּארטיי.

„די טעאָריע, — זאָגט דער כאוועֶר סטאלינ, — דאָס איז די דערפארונג פונ דער ארבעטער-באוועגונג אינ אלע לענדער, גענומענ אינ איר אלגעמײנעמ אויסזעֶנ. געוויס, די טעאָריע ווערט זאכלאָז, אויב זי ווערט ניט פארבונדנ מיט דער רעוואָ־ליוציאָנערער פּראקטיק, פּונקט אזוי ווי אויכ די פּראקטיק ווערט בלינד, אויב זי באלויכט זיכ ניט דעמ וועג מיט דער רעוואָליוציאָנערער טעאָריע. אָבער די טעאָריע קענ זיכ פארוואנדלענ אינ דער גרעסטער קראפט פונ דער ארבעטער־באוועגונג, אויב זי בילדעט זיכ אויס אינ אומצערײַסבארער פארבינדונג מיט דער רעוואָליוציאָנערער פּראקטיק, ווײַל זי, אונ נאָר זי, קענ געבנ דער באוועגונג א זיכערקײַט, אָריענטי־רונג־קראפט אונ דאָס פארשטײנ די אינערלעכע פארבינדונג פונ די ארומיקע געשע־ענישנ, ווײַל זי, אונ נאָר זי, קענ העלפנ דער פּראקטיק צו פארשטײנ ניט נאָר, ווי־אזוי אונ וווּהינ עס באוועגנ זיכ די קלאסנ איצט, נאָר אויכ, וויאזוי אונ וווּהינ זײ דארפנ זיכ באוועגנ אינ דער נאָענטער צוקונפט“ **).

די רעוואָליוציאָנערע טעאָריע איז בארופנ צו העלפנ די פּארטײיִשע טוער צו אָנפירנ מיטנ רעוואָליוציאָנערנ קאמפ פונעמ פּראָלעטאריאט. אָבער אָנפירנ — הייסט פאָרויסזענ. אונ קעדײ צו פאָרויסזענ, דארפ מענ וויסנ די געזעצנ פונ דער געזעל־שאפטלעכער אנטוויקלונג. דאָס דאָזיקע וויסנ ווערט געגעבנ דורכ דער מארקסיסטיש-לענינישער טעאָריע אונ נאָר דורכ איר.

*) י. סטאלינ „פראגנ פונ לעניניזמ“, ז. 9.
**) י. סטאלינ „פראגנ פונ לעניניזמ“, ז. 14.

אינ דעמ „קורצנ קורס געשיכטע פונ דער אלקפּ(ב)" אינ קאפּיטל „װעגנ דיאַ־לעקטישנ אונ היסטאָרישנ מאטעריאליזמ", װאָס עס האָט אָנגעשריבנ דער כאװער סטאלינ אונ װאָס איז אריַינ אינ דער עלפטער אופלאגע פונ די „פראגנ פונ לעני־ניזמ", אנטװיקלט דער כאװער סטאלינ די גרונט־האנאָכעס פונ מארקסיזמ װעגנ מעטאָד אונ טעאָריע. ער רופט אָנ דעמ דיאלעקטישנ אונ היסטאָרישנ מאטעריאליזמ— דער טעאָרעטישער יעסאָד פונ דער קאָמוניסטישער פּארטײ.

סטאלינ באװײַזט—װאָס פארא גװאלדיקע באדײַטונג עס האָט דאָס אָנװענדנ די האנאָכעס פונעמ מארקסיסטישנ פילאָסאָפישנ מאטעריאליזמ צו דער פּראקטישער טעטיקײַט פונ דער פּארטײ פונ פּראָלעטאריאט. דאָס געזעלשאפטלעכע לעבנ הערט אופ צו זײַנ א צונויפזאמלונג פונ „צופעליקײַטנ", װי עס האָבנ פאָרגעשטעלט די בורזשואזע היסטאָריקער, דאָס דערלערנענ די געשיכטע פונ דער געזעלשאפט װערט אװעקגעשטעלט אפ א װיסנשאפטלעכנ באָדנ. הײסט עס, אז אינ איר טעטיקײַט דארפ די פּארטײ זיכ האלטנ ניט בא „גוטע װוּנטשנ", נאָר בא די געזעצנ פונ דער אנטװיקלונג פונ דער געזעלשאפט. דעריבער פארװאנדלט זיכ דער סאָציאליזמ פונ א טרוימ װעגנ א בעסערער צוקונפט פונ דער מענטשהײַט אינ א װיסנשאפט. די פארבינדונג פונ דער װיסנשאפט מיט דער פּראקטישער טעטיקײַט, זײער אײנהײַט דארפנ װערנ א װעגװײַזנדיקער שטערנ פונ דער פּארטײ פונעמ פּראָלעטאריאט.

מיט דער זעלבער טיפקײַט באװײַזט דער כאװער סטאלינ די באדײַטונג פונ אָנװענדנ דעמ מארקסיסטישנ דיאלעקטישנ מעטאָד צו דער פּראקטישער טעטיקײַט פונ פּראָלעטאריאט.

דער אנטשײדנדיקער שטריכ פונעמ דיאלעקטישנ מעטאָד—דאָס איז די לערע װעגנ דעמ קאמפּ פונ קעגנזאצנ, װעגנ אנטװיקלונג דורכ אינערלעכע װידערשפּרוכנ. דער קלאסנ־קאמפּ שטעלט מיט זיכ פאָר די טרײַב־קראפט פונ דער אנטװיקלונג פונ דער קלאסנ־געזעלשאפט.

„קעדײ ניט א טאָעס האָבנ אינ דער פּאָליטיק,—זאָגט דער כאװער סטאלינ,— דארפ מענ דורכפירנ אנ אומקאָמפּראָמיסלעכע קלאסאָװע פּראָלעטארישע פּאָליטיק אונ ניט קײנ רעפאָרמיסטישע פּאָליטיק װעגנ דער הארמאָניע פונ די אינטערעסנ פונעמ פּראָלעטאריאט אינ דער בורזשואזיע, ניט קײנ פשאָרעמאכערישע פּאָליטיק פונעמ „ארײַנװאקסנ" פונ דעמ קאפּיטאליזמ אינ סאָציאליזמ". *)

די דאָזיקע פּרינציפּיעלע קלאסאָװע אומקאָמפּראָמיסלעכקײַט דרינגט דורכ דעמ גאנצנ בוכ פונעמ כאװער סטאלינ. ער באװײַזט דאָ, װיאַזוי די פּארטײ איז גע־װאָקסנ אונ געפעסטיקט זיכ אינ קאמפּ קעגנ אלע סאָנימ פונעמ ארבעטער־קלאס, קעגנ אלע אָפּאָרטוניסטנ אונ רענעגאטנ אינ אירע רײענ. „בײַקומענ די אינערלעכ־פּארטײישע מײנונג־פארשײדנהײַטנ דורכ א קאמפּ—דאָס איז דער געזעצ פונ דער אנטװיקלונג פונ אונדזער פּארטײ",—זאָגט דער כאװער סטאלינ. א באװאָפנטע מיטנ דיאלעקטישנ מעטאָד, האָט ניט מוירע די קאָמוניסטישע פּארטײ פארנ קאמפּ, פאר שװעריקײַטנ, פאר װידערשפּרוכנ.

---

*) „פראגנ פונ לעניניזמ", 11 אופלאגע, ז. 541.

* * *

כאַווער סטאַלינ שטרײַכט אונטער, אַז מאַרקסיזמ—דאָס איז ניט קײנ אײנ מאָל פאַר אַלעמאָל געגעבענע סכעמע אָדער דאָגמע, נאָר א לעבעדיקע זיכ אַנטוויקלענדיקע שעפערישע טעאָריע, וועלכע באַרײַכערט זיכ שטענדיק מיט דער דערפאַרונג פונ קלאַסנ־קאַמפ פונעמ פראָלעטאַריאַט.

אַנטוויקלענדיק די גרויסע טעאָרעטישע ירושע פונ מאַרקס, ענגעלס, לענינ, האָט דער כאַווער סטאַלינ פאַנאַנדערגעאַרבעט אַלע גרונט־פראַגנ, וואָס זײַנענ אַרויסגערוקט געוואָרנ דורכ דער פראַקטיק פונ דער סאָציאַליסטישער בויונג. די אָרגאַנישע אײנהײַט פונ דער טעאָריע אונ פראַקטיק גײט דורכ ווי א רויטער פאָדעמ דורכ אַלע אַרבעטנ פונעמ כאַווער סטאַלינ. די אַנטוויקלונג פונ דער מאַרקסיסטיש־לענינישער טעאָריע ווערט באַשטימט דורכ די אויפגאַבנ, וועלכע שטײענ פאַר דער פּאַרטײ אינ דער עפּאָכע פונ אימפּעריאַליזמ אונ פראָלעטאַרישע רעוואָליוציעס, אינ דער עפּאָכע פונ דער דיקטאַטור פונעמ פראָלעטאַריאַט אונ דעמ זיג פונ סאָציאַליזמ אינ פּססר.

אינ דעמ פאַרביטערטסטנ קאַמפ קעגנ די טראָצקיסטנ, זינאָוויעוועס, בוכאַרינצעס האָט דער כאַווער סטאַלינ פאַרטײדיקט אונ אַנטוויקלט די לענינישע טעאָריע וועגנ דער מעגלעכקײַט פונ אויסבויענ דעמ סאָציאַליזמ צוערשט אינ עטלעכע לענדער אָדער אַפילע אינ אײנ באַזונדער גענומענעמ לאַנד. אַלע פאַרביסענע סאָנימ פונ סאָציאַליזמ האָבנ באַגעגנט אַפ מעסערס די לעניניש־סטאַלינישע טעאָריע וועגנ דער מעגלעכקײַט צו אויסבויענ דעמ סאָציאַליזמ אינ אײנ לאַנד. זײ האָבנ געקעמפט קעגנ דעמ אויסבויענ דעמ סאָציאַליזמ אינ פּססר, פאַר דער רעסטאַווראַציע פונעמ קאַפּיטאַליזמ.

דער כאַווער סטאַלינ האָט צעקלאַפּט די ראָזיקע פײַנטלעכע אײַנשטעלונגענ פונ טראָצקיזמ. ער האָט אונטערגעשטראָכנ, אַז די פראַגע וועגנ דער מעגלעכקײַט פונעמ זיג פונ סאָציאַליזמ אינ אײנ לאַנד דאַרפ מענ צעגלידערנ אַפ צווײ פראַגנ: אַפ דער פראַגע וועגנ דער מעגלעכקײַט צו אויסבויענ א פולשטענדיקע סאָציאַליסטישע געזעלשאַפט אינ אײנ לאַנד אונ אַפ דער פראַגע וועגנ א פולשטענדיקער גאַראַנטיע קעגנ דער רעסטאַווראַציע פונ די בורזשואַזע פאַראָנדקעס אינ פּססר. די ערשטע פראַגע קענ דערפאָלגרײַכ געלײזט ווערנ (אונ איז שוינ געלײזט געוואָרנ) דורכ די אינערלעכע קויכעס פונעמ אַרבעטער־קלאַס אונ פויערטומ פונ פּססר. די לײזונג פונ דער צווײטער פראַגע פאָדערט אַלס נײטיקנ באַדינג דעמ זיג פונ פראָלעטאַריאַט אינ די אַנטשײדנדיקע קאַפּיטאַליסטישע לענדער.

אונטער דער אָנפירונג פונ כאַווער סטאַלינ אונ פונעמ סטאַלינישנ צענטראַל־קאָמיטעט אַלקפּ(ב) איז די ראָזיקע מעגלעכקײַט פאַרוואַנדלט געוואָרנ אינ ווירקלעכקײַט. דאָס סאָוועטישע פאָלק האָט פאַרענדיקט אויסבויענ דעמ סאָציאַליזמ אינ פּססר אונ הײבט אָנ ביסלעכווײַז אַריבערגײנ צו דער העכסטער סטאַדיע פונ סאָציאַליזמ—צומ קאָמוניזמ.

אָבער אַנ ענדגילטיקע אונ פולשטענדיקע גאַראַנטיע פונ אַנ אינטערווענצ אונ, הײסט עס, פונ דער רעסטאַווראַציע פונ קאַפּיטאַליזמ קענ געבנ בלויז דער זיג פונ דער פראָלעטאַרישער רעוואָליוציע צומ ווייניקסטנ אינ עטלעכע אַנטשײדנדיקע לענ־

דער. אָפּלייקענענ עס, ווײַזט אָנ דער כאַווער סטאַלינ, באַטײַט אָנ שום צווייפל אַנ
אָפּגאַנג פונ דעמ אינטערנאַציאָנאַליזמ, אַנ אָפּגאַנג פונ דעמ לעניניזמ. אינ זײַנ
ענטפער דעמ קאָמיוגישנ פּראָפּאַגאַנדיסט כאַווער איוואַנאָוו האָט דער כאַווער
סטאַלינ נאָכאַמאָל אונטערגעשטראָכנ, אַז, קאָלזמאַנ עס עקזיסטירט די קאַפּיטאַליס־
טישע אַרומרינגלונג פאַרבלײַבט די געפאַר פונ אַנ אינטערווענצ, קענענ מיר ניט
האָבנ קיינ פולשטענדיקע גאַראַנטיע פונ דער געפאַר פונ דער רעסטאַווראַציע פונעמ
קאַפּיטאַליזמ. דעריבער דאַרפנ מיר פאַרפעסטיקנ אונדזער רויטע אַרמיי אונ דעמ
מיליטערישנ יאַמ־פלאָט, מיר דאַרפנ פאַרפעסטיקנ אונדזערע אויסשפּיר־אָרגאַנענ,
אונדזער מעלוכישנ אַפּאַראַט. די קלוגע פּאָליטיק פונעמ כאַווער סטאַלינ, די קאָנ־
סעקווענטע שאָלעמ־פּאָליטיק פונעמ סאָוועטנפאַרבאַנד האָבנ ניט געגעבנ קיינ מעג־
לעכקײַט די מילכאָמע־אונטערצינדער צו אַרײַנציִענ אונדז אינ אַ צווייטער אימפּעריִ־
אַליסטישער מילכאָמע.
אינ קאַמפּ קעגנ די טראָצקיסטנ אונ בוכאַרינצעס האָט דער כאַווער סטאַלינ
אַנטוויקלט לענינס לערע וועגנ די אויפגאַבנ פונ אויסבויענ דעמ סאָציאַליזמ פונ
פּססר, וועגנ דער אינדוסטריאַליזאַציע פונעמ לאַנד, וועגנ דער קאָלעקטיוויזאַציע
פונ דער לאַנדווירטשאַפט אונ דער ליקווידאַציע פונעמ באַלעגופּנטומ אַלס קלאַס
אַפנ גרונט פונ דורכויסיקער קאָלעקטיוויזאַציע. האַלטנדיק זיכ בא דער לעניניש־
סטאַלינישער לערע, האָט די פּאַרטיי צעגראָמירט די טראָצקיסטיש־בוכאַרינישע
באַנדע רעסטאַווראַטאָרנ פונ קאַפּיטאַליזמ. די גענעראַלע ליניע פונ דער פּאַרטיי
האָט געזיגט אַפ אַלע פראָנטנ פונ דער סאָציאַליסטישער בויונג.

* * *

דער כאַווער סטאַלינ האָט נאָכ לענינענ פאַנאַנדערגעאַרבעט די מאַרקסיסטיש־
לענינישע לערע וועגנ דער נאַציאָנאַלער פראַגע. נאָכ אינ 1913 יאָר האָט ער געשאַפנ
דאָס קלאַסישע ווערק — „דער מאַרקסיזמ אונ די נאַציאָנאַל־קאָלאָניאַלע פראַגע“,
וואָס האָט באַקומענ די העכסטע אָפּשאַצונג פונ לענינענ. קאָנסעקווענט פאַרטיידיקנ־
דיק אונ אַנטוויקלענדיק לענינס אײַנשטעלונגענ אינ דער נאַציאָנאַל־קאָלאָניאַלער
פראַגע, האָט סטאַלינ צעקלאַפּט דעמ גרויסהערשערישנ שאָוויניזמ אונ דעמ בורזשואַזנ
נאַציאָנאַליזמ, האָט אָנגעוויזנ אַ וועג צומ דערגרייכנ די פרײַנטשאַפט פונ די פעלקער
אינ רעזולטאַט פונ דער פּראָלעטאַרישער רעוואָליוציע, אַ וועג צומ פאַרניכטנ די
עקאָנאָמישע אינ קולטורעלע אָפּגעשטאַנענקײַט פונ די פריִער אונטערדריקטע נאַציאָ־
נאַליטעטנ. דער סאָוועטנפאַרבאַנד שטעלט איצט פאָר די איינציקע פילנאַציאָנאַלע
מעלוכע אינ דער וועלט, ווו ס'איז דערגרייכט געוואָרנ אַווירקלעכע אונ ניט קיינ
פאָרמעלע גלײַכבאַרעכטיקונג פונ די נאַציאָנאַליטעטנ, אַ ווירקלעכע ברידערלעכקײַט
פונ די פעלקער.
דער כאַווער סטאַלינ האָט באַוויזנ די אַלוועלטלעכ־היסטאָרישע צווישנפעלקער־
לעכע באַדײַטונג פונ דער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע. ער האָט באַוויזנ, אַז די אָקטיאַ־
ברישע סאָציאַליסטישע רעוואָליוציע איז ניט נאָר אַ רעוואָליוציע אַפנ געביט פונ
עקאָנאָמישע אונ געזעלשאַפטלעכ־פּאָליטישע באַציִונגענ; זי איז צוזאַמענ דערמיט אַ
רעוואָליוציע אויכ אינ דער אידעאָלאָגיע פונעמ אַרבעטער־קלאַס.

ראָכל בוימוואָל

# סטאלינענ

זײַנ אָט דער, וואָס נויטיק איז דעמ לאנד ווי לופט,
זײַנ מיט פעלקער אײנ נעשאָמע אונ אײנ גופ,

זייער ווילנ אויסדריקנ אונ זייער קראפט,
זײַנ אָט דער, וואָס לעבט נאָר, ווײַל ער שאפט,

דער, וואָס ווּ נאָר ס'קלאפט א הארצ, ער הערט זיכ צו, —
דאָס איז דיר געגעבנ, דאָס ביסטו.

רוּווע רייזין

# די נאַכט פון דער גרויסער כאַרטיע

(אויסצוג)

מיט געסט, צעשטראַלטע פון דער ריַיזע—דער גליקלעכסטער אין לעבן,
ציִען זיך באַנען צום קרעמל־טורעם פון אַלע עקן לאַנד,
כ׳האָב זיך א פאַרבענקטער אפ וויַיסרוסלאַנד־שליאַך א לאָז געגעבן—
פון מיַין לאַנג ניט געזעענער היימשטאָט האָט דורכגעשוועבט א באַן.

בעריאָזעס שטיל פאַרוויגטע מיט געהיימע מיַיסעס פון קורהאַנעס,
קרעניצעס קוואַליק־אופגעלעבטע פון מיַין וויַיסרוסלאַנד־היים.
צי האָסטו, באַן, מיט א פיַיף באַגריסט דעם אָרט פון נעכטיקע בויאַנעס,
צי האָט געפאָכט צו דיר דער סאָד ווו כ׳פלעג קריכן אפן העכסטן בוים.

וועבן לאָנקעס פאַרן באַן א טעפּיך פון אַלערליי אוזאָרן,
בעטן זיך רויזן—פלעכט אויס פאַרן פירער א בוקעט פון אונדזער קלומב,
צי ווייסטו, באַן, אַז דו פירסט אין קרעמל אויך די פריַינט פון מיַינע קינדער־יאָרן,
צי דערקענען זיי פון באַן די וועגן ווו כ׳פלעגן וואַנדערן מיט זיי—א לומפּ.

ניט קיין בלאָנדזשענדיקער פויער,—קינדערלעך מיט יאַגעדעס מיט פולע קריגלעך—
פון פאָלק תּאָס איַילט דעם באַן באַגלייטן ציט זיך וויַיט אין וואַלד—א הורראַ!—
צי דערקענט איר, פריַינט, די דאָרף־שטיבלעך ווו מיר פלעגן פון טאָרבעס אָפּבינדן
די שטריקלעך,
צי געדענקט איר ווי דאָרט באַם עסן־בענטשן פלעגן מיר זיך קלוימערשט
שאָקלען פרום.

ווי זיי האָבן אַן אַרבעקאַנפעס געגעבן אונדז—די ייִנגלעך „פרומע",
ווי מיר האָבן לאַכנדיק צעפליקט דעם אַרבעקאַנפעס אפ אַרומבינדן די פיס.
עפשער זיַינען יענע דאָרף־ייִדן דעם באַן באַגלייטן היַינט געקומען,
עפשער האָבן זיי א מיַיסע וועגן וואָגלער, אין קאָלווירט דערמאָנט באַם טיש.

ווערבעס מיט פוכיק־הענגענדיקע אוירינגלעכ, פארנויגטע איבער טײַכ ווי אינ
מײַנ קינדהײַט,

ווי זיי וואָלטנ גרייטנ זיכ אינ קישעפ־דרימל אפ א שפרונג טאָנ איבער ברוק.
דעמ לעצטנ מאָל צו מײַנ לאנג דערמאָנטער קינדהײַט רוקט זיכ אָפ מײַנ ליד הײַנט,
זי זאָל פונ דאָרט ווי פונ א בארג א שפרונג טאָנ אפ דעריאָגנ מײַנע פרײַנט אינ צוג.

ניט קיינ פויער מיט זײַנ „דאָברידזענ" באגריסט אינ וועג די גייער—
ס'באגריסט דעמ באנ מיט אויסגעשרייענ יעטווידער וואָקזאל.
ווײַסרוסלאנד מיט איר געבלימטער קלייד אונ מיט א קראנצ אפ יעדנ טויער
באגלייט א מוטערלעכ־דערפרייטע אירע זינ צומ קרעמל־זאל.

געקרייצטע סטעזשקעס—אָ, ווי לאנג כ'האָב ניט באטראָטנ זייער זאמד דעמ ליבנ;
סלוצקער בערעס—אָ, ווי לאנג כ'האָב ניט געקלעטערט מיט א טאָרבע אפנ בוימ;
ווי גוט וואָס ייִדנ אונ ווײַסרוסנ האָבנ אינ איינ געזינד זיכ אופגעקליבנ,
ווי גוט וואָס כ'קענ ווײַסרוסלאנד איצטער אָנרופנ—מײַנ היימ.

וואָס דרייענ זיכ אפ איינ אָרט דאָרט בושלעס מיט פליגלענ אויסגעשפרייטע?
וואָס שטעלנ זיי זיכ ניט ווי שטענדיק מיט איינ פיסל אפנ דעמבנ?—
דאָס האָבנ ניט באגריסט קיינ באקאנטע סטעזשקעס זייער פאָכ פונ פליגלענ ברייטע,
דאָס האָבנ זיי די געענדערטע ווײַסרוסלאנד באמ צוריקקער ניט דערקענט.

ווו איז דער טשאד פונ קאָפטשענדיקע קורניקלעכ אינ שטיבעלעכ פונ שטעטלעכ,
ווו איז דער רויכ פונ קנאקנדיקע קינעלעכ אינ כאטקעלעכ פונ דאָרפ,
גוטמאָרגנ דיר, ווײַסרוסלאנד, מיט גאָלד־בלישטשענדיקע בליצנ־דרעטלעכ,
אינ לענינ-לעמפעלעכ צעצונדענע דורכ דײַנ עלעקטרע־זונ פונ טאָרפ.

געקלאָגט האָט אינ דער אָרעמער דודע דעמ פויערס שווארצע דאָליע,
געוויינט האָט אינ דער עלנטער פידל דעמ ייִדנס אלטער צאר.
ווײַסרוסלאנד, מײַנע פרײַנט וואָס פלעגנ בלאָנקענ אפ דײַנ שליאכ פאוואָליע,
באגלייטסטו הײַנט מיט צווײַגנ־הענט פונ יעלנ פאָכנדיקע צארט.

העי, אינ גרויסנ וואנדער,—א קוטשעראווער ייִדישער ציגײַנער—
וואָלט איכ די קאטערינקע אָט די כריפיק־לאנגזאמע געדרייט,
איצט טראָג איכ א באנײַטער דער באנײַטער היימשטאָט מײַנער
ניט די קאטערינקע אפנ פלייצע, נאָר א געזאנג פונ פרייד.

כ'וועל נאָכ זענ—אויב כ'וועל זיי דערקענענ—יענע געסעלעכ פונ מײַנע קינדער־יאָרנ,
כ'וועל זענ אָט די וואָס איכ דערמאָנ באמ זינגענ „קטאָ ביל ניטשעמ טאָט
סטאניעט וסעמ";
איר, פרײַנט, וואָס זײַנענ ווײַט פונ מיר אינ וווקס מיט יענעמ באנ אוועקגעפאָרנ,
איר וועט דערטלט א געזאנג אינ מיר פארפלאנצנ פיל שענער פונ אָט דעמ;

אונ אײַערע טאטעס—ווי ערדיש כ'וואָלט איצט זינגענ אפ זייער פעלד דעם נײַעמ.
אונ אײַערע זיידעס—ווי לאנג כ'האָב זיי שוינ ניט געזענ, ווי לאנג,
מיר דאכט, כ'בינ איצט מיט זיי צוזאמענ אפנ גליקלעכנ לעכאַיִמ
אונ כ'זינג מיט זיי—כ'האָב עס געהערט דורכ ראדיאָ—זייער נײַעמ פאָלקס־געזאנג.

ניט געגרויסט זיכ האָבנ זיי אינ גאָלעס מיט דער „שטרייענער ראסייע",
גרויסנ זיי זיכ איצט מיט זייער היימאָרט—דער נעסט פונ פעלקער־פרייד,
ס'וועט שוינ אינ שטאָט דער בעטלער די באנדורע מער ניט דרייענ,
ס'וועט אינ שטעטל שוינ ניט עסנ די ציג פונ דאכ דעמ שטרוי.

איר, זינגער, וואָס האָבנ א טרוימ וועגנ אנ אייגנ היימ געכאָוועט,
ס'האָבנ ייִדנ לאנג געפונענ אינ ראטנלאנד א היימ;
יעדער ייִד פארדינט הײַנט זײַנ זיסנ ברויט מיט קאָוועד,
אונ ס'קוקט צו אימ אינ פענצטער א בליִענדיקער בוימ.

פונ אייגנ סאָד—די עפל, פונ אייגנ פעלד—די גארבנ,
פונ אייגנ בייט—די בלומענ, די פייגעלעכ פונ אייגנ וואלד,
ווילט זיכ איצט א ייִדנ אפ דער עלטער גאָר ניט שטארבנ,
ווילט זיכ אימ דעמ כאווער סטאלינענ דערלעבנ זענ אינ קרעמעל־זאל.

לאָמיר, ייִדנ, אלע א לעכאַיִמ א גוטנ נעמענ,
שפרייט אויס א ווײַסנ טישטעכ אז ס'זאָל טאָגנ א בלאנק,
לאָמיר הײַנט די סימכע פונ דעמ יאָנטעוו ניט פארשעמענ
מיט געבעקסנ—אונדזער אייגנ טוווע, מיט ניגונימ—אונדזער אייגענער געזאנג.

מיר וועלנ באלד פארבײַסנ מיט הייסע לאטקעס פעטע,
דערלאנג, באָבעניו, די קיטקע די באשאָטענע מיט מאָנ.
לעקאָוועד אָט די זינ, וואָס פאָרנ הערנ סטאלינס רערע —
לאָמיר זינגענ אז זיי זאָלנ דאָרט הערנ אינ וואגאָנ:

„איכ האָב אויסגעבאקט א טאָרט
אונ אָנגעפילט מיט מאלינע—
פונ טיפנ הארצנ דאנקענ מיר
אונדזער כאווער סטאלינענ".

אונ איצט צעשנײַדט אפ שטיקלעכ דעמ יאָנטעוו־טאָרט דעמ שיינעס,
טונקט אײַנ די שטיקלעכ לעקעכ אינ קעלישעקלעכ ווײַנ:
„לאָמיר אלע איניי־נעמ, איניי־נעמ
די קרעמעל־געסט מעקא־אבעל פאָנימ זײַנ"...

... אַפ פרעמדע כאַסענעס פלעג איך קינדוויַיס הערן זינגען אַט דאָס לידל,
ווען אונדזערע מאַמעס פלעגן קלײַבן ברעקלעך פון פרעמדן טיש מיט שאַנד,
איצט זינגען זיי אַפן אייגענעם יאַנטעוו א ליד, באַגלייט פון פידל
לעקאַווע די זין און טעכטער וואָס פירט צום קרעמעל הײַנט דער באַן:

„אַפ די בוימער וואַקסן קאַרשן,
אַפ די בייטן—בלומען—
ס'וועלן /אַלע געסט מיט מאַזל
באַלד אין קרעמעל קומען"...

„ביוויַיצע זדראַווי, זשיוויצע באַגאַטאַ"...
ס'וועט באַלד אַהערצו קומען דער וויַיסרוסישער קאָלווירט,
ס'וועט דער האַרמאָניסט א צי טאָן זײַן האַרמאָשקע איבער כאַטעס
וועט דער פידלער גלײַך דערלאַנגען מיטן סמיק א פיר.
ס'האָט דער פידלער געטוליעט די קאָפּ צום פידל, אַפ כאַסענעס אַפ פרעמדע,
ס'האָט דער האַרמאָניסט פאַרן פּאָרעץ זײַן האַרמאָשקע—א כוואַליע אין די הענט געדרייט;
ס'וועלן ייִדן צוזאַמען מיט וויַיסרוסן הײַנט הערן סטאַלינס רעדע,
ס'האָבן ייִדן צוזאַמען מיט וויַיסרוסן די קרעמעל־געסט באַגלייט.
איר, קרעמעל־געסט, וואָס דערציילן דאָרט די פעלקער, ווו ס'זײַנען ייִדן שוין ניט עלנט,
און זעען דערבײַ ווי צו זייער אָפּפאָר פאָכט נאָך אַלץ די בוים,
ווען מיר וועלן מיט אײַך צוזאַמען אין אָוואַציע־רויש זיך שטעלן,
וועט סטאַלין וויסן—דאָס דאַנקען אים די ייִדן פון וויַיסרוסלאַנד־היים.

---

סאָרע קאַהאַנ

# א גרוס דעמ פירער

א פויגל פליט פונ נעסט ארויס,
ס'איז איר פעדער הימל־בלוי.
עס פליט מײַנ ליבע הײַנט צו דיר
איז זי זויבער, ווי דער טוי.

פלי־זשע, פלי, מײַנ ליד, מײַנ טויב,
בא דעם קרעמעל שטעל זיכ אָפּ,
גיב א קוק צו אים אינ שויב,
א געָרוס פונ מיר גיב אָפּ.

מיט מײַנ האַרצ, מיט מײַנ געדאַנק
בינ איכ דאָרטנ זײער אָפּט,
אונ פאַר יעדנ מײַנ געזאַנג
שעפּ איכ דאָרט אזוי פיל שטאָפּ.

דעם טאָג וואָס האָט געבאָרנ דיכ —
אונדזער רומ אונ אונדזער קראַפט,
האָסט דאָס שענסטע אינ דער וועלט
מיט דײַנ סײכל אויסגעהאַפּט.

אויסגעהאַפּט אַפּ גאָר דער ערד
א לאַנד א ליכטיקנ, וואָס שײַנט,
זי איז פאַר סאָנימ, ווי א שווערד,
ווי די זונ פאַר גוטע פרײַנט.

כ'פיל דײַנ אָטעמ אינ מײַנ שטוב,
איכ זע דײַנ בילד אַפּ מײַנע ווענט,
פונ דײַנ יעדנ אײנציק וואָרט
זינגט די פּענ אינ מײַנע הענט.

פלי־זשע, פלי, מײַן ליד, מײַן טויב,
בא דעם קרעמעל שטעל זיך אָפּ,
גיב א קוק צו אים אין שויב,
א גערוס פון מיר גיב אָפּ.

א גערוס גיב איבער אים
אונדזער סטאלינען אליין,
פון מײַן לאנד און פון מײַן פאָלק
און פון מײַן גאנצער גרויסער היים.

---

ש. לאָפאטינ

# מײַנ פירער – מײַנ אופגאנג

ליכטיק־בלאקיטנע, געשליפענע הויכנ,
זוניקער אופגאנג אפ טרעפלעכ־קרישטאָלנ, —
איכ קוק אפ דער שײנקײַט, אונ כ'בינ זיכ ניט מויכל,
וואָס כ'קענ זי, אזוי ווי זי איז, ניט פארמאָלנ.

ליכטיקער פירער, דורכ שלאכטישע רויכנ
דו האָסט מיכ געפירט אונ—א לעבנ געגעבנ.
איכ קוק אפ דײַנ גרויסקײַט, אונ כ'בינ זיכ ניט מויכל
וואָס כ'קענ נישט פארמאָלנ אינגאנצנ דײַנ לעבנ.

ווענ איכ זאָל פארמאָגנ די אײביקע קלאנגענ,
פונ זוניקנ אופגאנג די פארבנ די מילדע,
איכ וואָלט דיכ פארײביקט אינ מײַנע געזאנגענ, —
דײַנ גרויסנ געראנגל מיט נויט אונ מיט ווילדקײַט.

איכ זע, ווי סע פלײצט א געוויסער א שווארצער
אונ קענ ניט פארהאלטנ דײַנ מעכטיקנ שטרעבנ.
ליכטיקער פירער, מײַנ פאָטער, מײַנ הארצפרײַנד,
ליכטיקער אופגאנג אפ טרעפ פונ מײַנ לעבנ.

אנא כאכוטאשווילי

# כאווײרים

## (פונ א בוך וועגנ סטאלינס קינדער־יאָרנ)

די שול־כאווײרים וואליקאָ קאסראדזע, סאָסאָ אירעמאשווילי, סאָסאָ דזשוגאשווילי, כיכאשווילי אונ גיגאָ קאסראדזע האָבנ פונ דער צארישער גאס פארקערט רעכטס אפ דער טיפליסער גאס, אונ פונ דאָרטנ זיכ גענומענ ווירער אפ רעכטס צום קלויסטער פונ דער הײליקער טראָיצע.

דורכגײענדיק פארבײַ דער שטאָטיקער צווײ־קלאסנער אוטשילישטשע, זײַנענ די ייִנגלעכ ארויסגעגאנגענ מיט א שמאָל געסל צו טוואליִאשווילים שטוב. זײ האָבנ זיכ אָפּגעשטעלט בא דעמ געפלאָכטענעמ פלויט פונ פרישע צווײַגנ, אפ וועלכע עס זײַנענ נאָכ פארהיט געווענ די בלעטער.

— ביטשעבאָ, דוכט זיכ אז דאָ—האָט געזאָגט סאָסאָ דזשוגאשווילי.

דאָס ייִנגל האָט געשיקט פאנאנדערגעשארט די בלעטער אונ ארויסגעשלעפט פונ דאָרטנ א שאכטל מיט דרײַ קאָפּיקענע פאפיראָסנ. וואליקאָ קאסראדזע האָט ארײַנגערוקט די האנט אינ קעשענע, ארויסגענומענ שוועבעלעכ אונ האָט אָנגעריבנ. פונ די פינפ פאפיראָסנ האָבנ זיכ געשלענגלט אפ ארופ פינפ דינע שנירעלעכ רויכ.

דער בלוי־אויגיקער גיגאָ קאסראדזע איז נאָכנ צווײטנ פארציִענ רויט געוואָרנ, אימ איז מלאָסנע געוואָרנ, אונ ער האָט גענומענ הוסטנ. דאָס ייִנגל האָט מיט פארדראָס א שפײַ געטאָנ אונ אויסגעזידלט זיכ:

— פארשאָלטנ זאָל זײַנ יענער, וואָס האָט אזא ביטערניש אויסגעטראכט. טפוי!

די קינדער האָבנ זיכ צעלאכט, פאָרזעצנדיק רויכערנ. פלײַסיקער פונ אלעמענ האָט גערויכערט דער קלײנינקער שווארצינקער סאָסאָ אירעמאשווילי.

— נו, וואָס, מײַזל, עס געפעלט דיר?—האָט אימ א פרעג געטאָנ וואליקאָ קאסראדזע מיט אנ אָפּשפּאָטנדיקנ שמײכל, אונ האָט אימ לײַכט א פאטש געטאָנ איבערנ קאָפּ, ארויפגערוקט אימ דאָס היטל מיטנ קרומנ דאשעק אפ א זײַט אונ אלײנ גענומענ ארומקוקנ זיכ, אויס מוירע, אז מע זאָל זײ דאָ ניט פאקנ. נאָכ אינעמ פארוואָרפענעמ ווינקל פונ דער שטאָט גאָרי האָט מענ ניט געזענ קײנ לעבעדיקנ מענטשנ. די ייִנגלעכ האָבנ אויסגערויכערט די פאפיראָסנ אונ ווענ זײ האָבנ געהאלטנ בא אוועקגײנ, האָט סאָסאָ דזשוגאשווילי געוואָלט באהאלטנ די פאפיראָסנ אפנ אלטנ אָרט.

— שטיי, ברודערל, שטיי! ווהין באהאלטסטו?—האָט אים כיכאשווילי אָנגע־כאַפּט פארג האנט—דאָ ווער, מײַנ טײַערער, דער רעגנ פארנעצנ, אָדער עמעצער וועט ארויסשלעפּנ, דעמאָלט זײַנעג מיר אלע פארפאלנ. אנו, גיב עס אהער, זאָל אונדזער גוטס זיכ פארהיטנ בא אונדז—האָט געזאָגט כיכאשווילי און ארויסגעריסנ פונ דזשוגאשווילים הענט דאָס שאכטל און גיכ פארוקט צו זיכ אינ קעשענע. פונדאַ־מענ האָבנ די ייִנגלעכ פארקערט אפ דער אקאָנסקער גאס. זיי זײַנענ געווענ שטארק צופרידנ, וואָס מיטנ רויכערנ האָבנ זיי ארויסגעוויזנ ווי דערוואקסענע. די ייִנגלעכ זײַ־נענ געגאנגענ און פריילעכ געפּלוידערט צווישנ זיכ. נאָר מיטאמאָל האָבנ זיי אָנ־געשפּיצט די אויערנ און זיכ אָפּגעשטעלט: זיי אנטקעגנ האָבנ זיכ געטראָגנ צוויי פּאַעטאָנעס, באַפּוצטע מיט גרינע צווײַגנ. אפ די פערד האָבנ געקלונגענ די גלעק־לעכ. אינעם פאָדערשטנ פּאַעטאָנ איז כאָשעוו געלעגנ א גרויסער לאָגל א פולער מיט ווײַנ. אינעם צווייטנ פּאַעטאָנ האָט א קאטערינשטשיק מיט א פארוקטער היטל אפּנ פּאטיליצע און צעשפּילטער העמד געדרייט דאָס הענטל פונ א קאטערינקע. לעבנ אים איז געזעסנ א שיקערער כעוורעמאנ מיט פארצויגענע אויגנ, שלײַדערנ־דיק זיכ פונ איינ זײַט אפּנ צווייטנ האָט ער מיט א הייזעריקנ קאָל געזונגענ א ליד אפּנ מאָטיוו פונ „סאָנא־באדושי“. ווענ די שיקורים האָבנ זיכ דורכגעטראָגנ פארבײַ די קינדער, האָט וואליקא קאסראדזע זיכ מיטאמאָל צעלאכט און פּאטשנדיק מיט די הענט האָט ער א געשריי געטאָנ:

— דאָס איז דאָכ וואכטאנג טאטונאשווילי. קוקט אימ אָנ, ווי ער זעט אויס!

די קינדער האָבנ א קוק געטאָנ אפ די פּאַעטאָנעס, וואָס האָבנ זיכ פארבײַ זיי דורכגעטראָגנ און האָבנ הויכ ארויסגעשאָסנ א געלעכטער. וואַרטאנ האָט, אײַנמאָסטענ־דיק זיכ אפ דער הינטערשטער אקס פונ א פּאַעטאָנ, וווילינגעריש אונטערגעזונגענ צוזאמענ מיט די שיקורים, פילנדיק זיכ ווי אנ אָנטיילנעמער פונ דער שיקערער קאָמפּאניע. דערזעענדיק זייער כאָווער, וואָס האָט זיכ מיט זיי געלערנט אינ איינ קלאס, אינ א לעכערלעכער פּאָזע—האָבנ די קינדער גענומענ אים נאָכשרײַענ. דזשוגאשווילי איז ארויסגעגאנגענ פאָרויס און ביין אים א רופ געטאָנ. דערהערנדיק די שטים פונ סאָסאָ, איז וואַרטאנ אראָפּגעשפּרונגענ פונ דער אקס, און מיט א שולדיקער מינע איז ער מיט א ניט דרייסטנ שמייכל צוגעגאנגענ צו די כאַווײרים.

— וואָס מאכסטו עפּעס, כעוורעמאנ?

— דו וואָלסט אָנגעטאָנ ברייטע הויזנ און די היטל אפ א זײַט, וואָלסטו געווענ ענלעכ אפ אנ עמעסנ שיקער.

— ביסטו שוינ איינמאָל א יאט, וואַרטאנ. זאָל דיר זײַנ צוגעזונט דײַנ הוליענ—האָבנ פונ אים געשפּאסט די כאַווײרים.

סאָסאָ דזשוגאשווילי האָט שטרענג א קוק געטאָנ וואַרטאנענ אינ די אויגנ און א זאָג געטאָנ צו אים:

— און דו שעמסט זיכ ניט?! מיט שיקורים און קאטערינשטשיקעס כאַווערסטו זיכ? פארוואָס ביסטו נעכטנ צו מיר ניט געקומענ?

— דו האָסט, ברודערל, אסאכ אָנגעוואָרנ—האָט זיכ ארײַנגעמישט אינ געשפּרעכ כיכאשווילי—דו ווייסט, וויִאזוי מיר האָבנ נעכטנ בא סאָסאָנ אויסגעלערנט דעם אר־

ראָק פונ גריכיש. אָט דאָס דאָזיקע מײַזל האָט הײַנט זײַנ לאַנגנ אײנס אפּ אַ דרײַ איבערגעמאַכט.

— יע, יע, עטעס,—האָט מיט פרײד באַשטעטיקט סאָסאָ אירעמאַשװילי. דער דרײַ, װאָס דער לערער האָט מיר הײַנט געשטעלט איז װי דו די גרײס.

— טאָ װײס, װאַרטאַנ, מע װעט דיכ באַשטימט אויסשליסנ פונ שול, אויב מע װעט זיכ דערװיסנ פונ דײַנ אויפירונג. האָסט גאָר קײנ געװיסנ ניט. װאָלסט די מאַמע כאָטש געזשאַלעװעט?—האָט געזאָגט דזשוגאַשװילי, קוקנדיק אים גלײַכ אינ די אויגנ.

— הערסט, זאָלסט מאָרגנ אומבאַדינגט קומענ צו מיר!

— דער טאַטע קלײַבט זיכ, דאַכט זיכ, הײַנט ערגעצ אװעקפאָרנ,—האָט געזאָגט װאַרטאַנ, פאַרטראַכטנדיק זיכ,—װעט אינ שטוב װערנ רויִקער. כ'װעל זענ, ס'קענ זײַנ, אַז איכ װעל קומענ.

— װאָס הײסט ס'קענ זײַנ. מיר האָבנ דאָכ אָפּגערעדט, אַז נאָכ װאַרמעס װעלנ מיר מאַכנ די אוראָקנ, איז װאָס פאַרא שײַכעס האָט דאָ דײַנ טאַטע. עכ, דו פוי־לער, ביסט אַלײנ שולדיק אונ װאַרפסט אַרופּ אפּ אַ צװײטנ!

סאָסאָ האָט זיכ אָנגעצונדנ. אַלע האָבנ עס פאַרשטאַנענ אונ אַנטשװיגנ געװאָרנ.

װאַרטאַנ איז געגאַנגענ לעבנ אים אַ פאַרשעמטער אונ האָט מיט אַנ אַראָפּגע־לאָזטנ קאָפּ שטיל גערעדט:

— איכ גיב דיר אַ װאָרט, סאָסאָ, אַז דאָס איז דאָס לעצטע מאָל. פונ הײַנטיקנ טאָג אָנ װעל איכ דיר אַלצ פאָלגנ, נאָר ניט קאַעס זיכ, ניט קאַעס זיכ אפּ מיר.

דזשוגאַשװילי האָט אַ געװיסע צײַט געשװיגנ. נאָר דורכגײענדיק די גאַס האָבנ די קינדער װידער גענומענ פרײלעכ פּלאַפּלענ. זײ איז געװאָרנ נאָכ פרײלעכער, װענ גיגאָ קאַסראַדזע האָט זיכ מיטאַמאָל אָנגעבויגנ בײַ כוראַקאָװס שטוב אונ אופּ־געהויבנ בײַ די טרעפּ אַ דרײַרובלדיקע. ער האָט מיט גרויס סימכע גענומענ פאָכנ מיט איר פאַר די אויגנ פונ זײַנע כאַװײרימ.

— אָט איז אַ מאַזל, ביסט אַ יאַט, גיגאָ, ערנװאָרט! װאָס קענ מענ נאָר ניט קויפנ פאַר די דאָזיקע דרײַ רובל, לאַכסט עפּעס?—האָט געשריִענ פונ גרויס פרײד סאָסאָ אירעמאַשװילי.

— הער נאָר, גיגאָ, האָסט נישט אַרויסגעשלעפּט די געלט פונ אַ קעשענע? כ'בינ דאָכ געגאַנגענ לעבנ דיר, פאַרװאָס האָב איכ ניט באַמערקט?—האָט מיט פאַר־דראָס געשריִענ כיכאַשװילי. די קינדער האָבנ באַטראַכט די דרײַרובלדיקע פונ אַלע זײַטנ, אָנשפּילנדיק זיכ מיטנ געלט, אונ דערנאָכ גענומענ באַהאַנדלענ, װאָס זאָל מענ פאַר דעמ קויפנ. ניט לאַנג באַראַטנדיק זיכ האָט דער אײגנטימער פונ דעמ געפינס זיכ געװענדעט צו די כאַװײרימ:

— כעװרע, װי איר װילט זיכ, אונ איכ לאַד אײַכ אײַנ צומ טאָטער. בײַ אימ אפּנ ראָד פונ דער לאָטערײַע ליגט אַ גרויסער שטיק גאָזינאַקי. יעדער מאָל, װענ איכ גײ דורכ פאַרבײַ, רינט בײַ מיר די סליונע. עס האָט זיכ מיר אַפילע הײַנט באַ־נאַכט געכאָלעמט.

די כעװרע האָבנ גענומענ שפּאַנענ גיכער אונ איבער אַ פּאָר מינוט אַרומ זײַנענ זײ שוינ געשטאַנענ לעבנ דער ראָד פונ דער לאָטערײַע. בײַ די קינדער האָבנ זיכ

באצעלאָפּן די אויגן: די לאָטערייע פונעם טאָטער מיטן הארבאטן נאָז איז געווען באפוצט מיט צוקערקעס, פארוויקלטע אין שיינע פאפירעלעך, מיט לאנדרינ און שטיקלעך גאָזינאקי. די לאָטערייע איז געווען אזוי איינגעאָרדנט—ווי דו זאָלסט ניט א דריי טאָן דעם וויַזער, וועט ער דאָסראָוו ווייַזן אפ א פוסטן אָרט, און דער טאָטער פלעגט אָנשטאָפּן פולע קעשעניעס מיט פרעמדע פיאטאקלעך. און דער גרויסער שטיק גאָזינאקי, וואָס איז געלעגן אינמיטן דער ראָד, איז געווען ווי א צוציונגסמיטל פאר די קינדער.

אופגערודערטע האָבן די כעוורע ארומגערינגלט די לאָטערייע.

— גיט, איך וועל דער ערשטער א דרייטאָן, איך, איך—האָט גענומען שרייַען וואליקאָ קאסראדזע. ער האָט זיך אָנגעכאפּט פארן ווייַזער און מיט אזא קראפט א דריי געטאָן, אז דער טאָטער האָט אזש א קרעכץ געטאָן פאר שרעק, די אויגן זייַנען בא אים שיר ניט ארויסגעקראָכן אפן שטערן.

— איי, שטילער, שטילער,—האָט ער אָנגעהויבן שרייַען, פאָכנדיק מיט די הענט.—דו ווילסט מייַן לאָטערייע צעברעכן?

דער וויַזער האָט זיך גיך גענומען דרייען, דערנאָך לאנגזאמער און לאנגזאמער ביז ער האָט זיך פויל אָפּגעשטעלט אפ א פוסטן אָרט. די ייִנגלעך האָבן זיך צעלאכט און געשאָקלט מיט די קעפּ פון פארדראָס.

— נו... גיגאָ, איצט גיב דו א דריי,—האָט געזאָגט וואליקאָ, אָפּטרעטנדיק אים דאָס אָרט. גיגאָ האָט מיט גאדלעס זיך גענומען פארן וויַזער און פאָרזיכטיק א דריי געטאָן. דער ווייַזער איז געבליבן שטיין בא א קליינ שטיקעלע גאָזינאקי. די קינדער האָבן גענומען שפרינגען פאר פרייד.

— הייַנט גייט דיר אינ אלץ. דערלאנג נאָך א דריי, דריי, דריי, עפּשער וועסטו דערדרייען צום גרויסן שטיק,—האָבן געשפּאסט די כאוויירים, נאָר צום צווייטן מאָל האָט זיך דער ווייַזער ווידער געשטעלט אפ א פוסטן אָרט.

יעדערער לויט דער ריי האָט געפּרווט זייַן מאזל, נאָר ס'האָט זיך גאָרניט באקומען. דער ווייַזער פלעגט אינ בעסטן פאל זיך אָפּשטעלן אפ א צוקערקע אָדער אפ א לאנדארינקע. פאר קאס האָבן די קינדער געפּילדערט, געשטופּט זיך, אפּנ אכצנטן מאָל איז אָנגעקומען א דריי טאָן דעם ווייַזער סאָסאָ דזשוגאשווילי.

— נו אָקאָרשט, גייט אָפּ אָנ א זייַט!—האָט געזאָגט דזשוגאשווילי, און איז צוגעגאנגען צו דער ראָד.—איך זאָג אייַך פאָרויס, אז דער גרויסער שטיק גאָזינאקי איז אונדזערער,—האָט זיכער א זאָג געטאָן סאָסאָ און האָט דרייסט א דריי געטאָן דעם ווייַזער. ווען דער ווייַזער האָט לאנגזאמער זיך גענומען דרייען, דערנעענטערנדיק זיך צו דעם געגארטן שטיק גאָזינאקי, האָט זיך בא די ייִנגלעך אָנגעצונדן א האָפענונג־פייַערל. זיי האָבן מיט אומגעדולד און מיט אויסגעצויגענע העלדזער זיך פארהויבן אפ די שפּיץ פינגער, ווארטנדיק מיט פארטייַעטע אָטעמס אפן זיג.

— אזוי, אזוי, דערלאנג, דערלאנג נאָך, נאָך א ביסעלע אפ סאָסאָס מאזל, ציפּ... ציפּ... אורא... אורא...—האָבן אָנגעהויבן די קינדער שרייַען פאר פרייד. דער ווייַזער האָט געמאכט דעם לעצטן קרייַז און האָט פויל א ראצ געטאָן דעם ראנד פון דער לאָטעריי־ראָד, וואָס איז געווען אָנגעשלאָגן מיט טשוועקעס. די כעוורע האָבן גענו־

מען פאטשן מיט די הענטלעך—דער גרויסער שטיק גאָזינאקי איז, סאָפּקאָלסאָפּ, אָנגעקומען זיי.

דער קלײנינקער אירעמאשווילי האָט פאר גרויס גליק אָנגעהויבן שפרינגען אפ אײן אָרט און זיך עטלעכע מאָל איבערגעקוליעט.

— דזשאַנ, ביטשעבא! [1]) איצט וועלן מיר א הוליע טאָן.

— נו, אָקאָרשט, קולודזש, דערלאַנג אים אהער, דער גאָזינאקי איז אונדזערער, אונדזערער...—האָבן געשריִען די קינדער. דער טאָטער האָט זיך אָנגעכמורעט און ניט געוואָלט אָפּגעבן זיי דעם שטיק גאָזינאקי, וואָס איז געווען א צוציִונג־מיטל אפ אויסנארן בא די קינדער פּיאַטאקלעך. נאָר דזשוגאשווילי האָט, אָנווײַזנדיק מיטן פינגער אפן גאָזינאקי, שטרענג א זאָג געטאָן:

— גיב אהער, טייקעפּ!

דער טאָטער—דערזעענדיק אז מע שפאסט ניט מיט אים, האָט באלד זיי אָפּגעגעבן דעם גרויסן געשמאקן טײגל און מיט רוגזע א זאָג געטאָן:

— אוועק פון דאנען, איך זאָל אײַך דאָ מער ניט זען!

— נו, פארשטייט זיך, דו דארפסט אונדז מער ניט האָבן. ארויסגעשלעפּט בא אונדז א גאנצן רובל פאר א שטיקל גאָזינאקי און איצט טרײַבסטו אונדז! ע, זע נאָר, וועסט זיך נאָך צו אונדז פּאקן,—האָבן גענומען דראָען די קינדער און זיך צעלאָפן.

די ייִנגלעך האָבן צעטיילט צווישן זיך דעם טײַערן מײַכל און טייקעפּ איז עס ניט געוואָרן. ארומלעקנדיק די פינגער, האָבן זיי זיך ווידער אומגעקערט צו דער ניט געלײזטער אויפגאבע:—וואָס זאָל מען קויפן פארן פארבליבענעם געלט. אײנער האָט פארוואָלט א גרויסע פּילקע, דער צווייטער—בילדלעך וואָס נעמען זיך אראָפּ אפ פּאפּיר, און וואַליקאָ קאסראדזע האָט אלץ געטײַנעט:

— הערט זיך אײַנ, הוליען איז הוליען! לאָמיר בעסער קויפן פאר דעם פארבליבענעם געלט ראכאט־לאקום. דאָס איז דאָך אזוי געשמאק—די פינגער לעק.

— ביטשעבא, הערט זיך נאָר אײַנ וואָס איך וויל אײַך זאָגנ—האָט געזאָגט סאָסאָ, וואָס האָט די גאנצע צײַט געשוויגנ.—איר ווייסט וואָס?—און בא אים האָבן גענומען ברענען די אויגנ,—איר ווייסט וואָס?—לאָמיר קויפן פארן פארבליבענעם געלט ביכלעך צום לייענען.—די קינדער זײַנען אנשוויגן געוואָרן בא די דאָזיקע רייד. סאָסאָ האָט גענומען קוקן יעדערן אינ די אויגן און קעדיי ארויסרופן אופמערקזאמקײַט בא די קינדער צו זײַנע רייד, האָט ער צוגעגעבן:

— איך וועל א טייל פון מײַנע ביכלעך אָפּגעבן, און לאָמיר מאכן א געמיינזאמע ביבליאָטעק. איר האָט געזען, וואָס פארא ביכער האָט די טעג געבראכט צו פירן אונדזער בוקיניסט?

— יאָ, כ'האָב געזען,—האָט זיך אָנגערופן גיגאָ קאסראדזע,—„דער גאולען קאָקאָ", לידער פון אקאקי צערעטעלי, „דמיטרי דער געוואגטער". כ'האָב אפילע געזען עדיסאָנס א בוך.

— וואָס, וואָס? וועגן וואָס רעדסטו? דאָס מיינסטו די מעשוגענע „פּאדי סאָניע",—האָט אויסגעשריִען אירעמאשווילי און אליינ זיך צעלאכט פון דער כאָכמע. וואַליקאָ קאסראדזע און אירעמאשווילי האָבן ביז צום שטארבן געכאלעשט אָנעטן זיך צו

1) אורא, ייִנגלעך!

זאס מיט זיסע געשמאקע זאכן, זיי האָבן הערן ניט געוואָלט וועגן ביכלעך און ביבליאָטעקן, נאָר הויך זאָגן וועגן דעם האָבן זיי ניט געוואָלט. זיי האָבן די גאנצע צייט געוווּנקען איינער צום צווייטן מיט די אויגן. דערזען, אז די כאוויירים שוויַיגן, האָט דזשוגאשווילי געמאכט א טראָט צוריק און, אופהויבנדיק די אקסלען, געזאָגט:

— אגעוו, איך בין דאָ א זיַיטיקער, דער באלעבאָס פונעם געלט איז גיגאָ. זאָל ער אליין באשטימען וואָס זאָלן מיר טאָן דערמיט.—און איז אָפּגעגאנגען אָן א זײַט. עס איז געוואָרן שטיל. סאָסאָ בליקן האָבן זיך באגעגנט מיט גיגאָס. דער באשיי־דענער גיגאָ האָט זיך לאנג ניט געלאָזט וואַרטן.

— פארשטיים זיך,—האָט ער זיך אָנגערופן,—בעסער קויפן ביכלעך. אויב זיי ווילן ניט, טאָ זאָלן זיי ניט לייענען, מיט גוואלד וועט זיי קיינער ניט צווינגען.

— אפּ וואָס דארפן מיר האָבן א ביבליאָטעק,—האָט זיך אָנגערופן כיכאשווילי צו סאָסאָן. — דו ביסט דאָך אליין ווי א ביבליאָטעק. מיר וועלן קיינמאָל ניט פארגעסן דיַינע מיַיסעס וואָס דו דערציילסט אונדז פון די אויסגעלייענטע ביכלעך. דאָס האָסטו דאָך אונדז דערציילט וועגן דעם וונדערלעכן פויגל „פאסקונדזשי", וואָס טראָגט זיך אום איבער דער גאנצער וועלט, זוכנדיק דעם ריינעם עמעס. דו האָסט אזוי שיין דערציילט וועגן דעם, וואָס איז דאָ פאראן צו ריידן. זאָל סאָסאָ טאָן מיט די געלט וואָס ער וויל, הא, כעוורע?—ער האָט א שטויס געטאָן דזשוגאשווילין פאָרויס און די גאנצע כעוורע-האָבן זיך געלאָזן צום בוקיניסט.

---

ז. טעלעסין

# די וויג

(לויט סאנדראָ זשגענטי)

ווער האָט דעם בוים באגאָסן און געכאָוועט?
שלאנק צום הימל האָט ער זיך פארמאָסטן.
ווער האָט דעם בוים פארשניטן און געטעסעט
און געמאכט פון אים א וויג א פראָסטע?

ווער האָט פון אונדז געקענט גאָר דעמלט וויסן,
צוליב וואָס האָט הויך דער בוים געשטיגן?
האָט געקענט דער באלמעלאָכע וויסן
ווער ווער מען וויגן אינעם וויגל?

ווּ, פון וואנען, איז צום אָרעם שטיבל
דער מאזלדיקער קוואל ארויסגערונען?
געבענטשט האָט ווער די מאזלדיקע מוטער,
וואָס האָט א ליכטיק קינד פאר אונדז געווּנען?

און ס׳האָט געפרייט דעם שטיפערל דעם קליינעם
די שפילצײַג איבער וויגל אפן שטריקל,
די מאמע האָט דעם יינגעלע געוואשן,
אין ווינדעלעך קאָליריקע געוויקלט.

און אים געזונגען מיטן גאנצן הארצן
די גרוזיניש צארטע וויגליד „נאנא״,
ס׳איז די זון פון וויגל אופגעגאנגען
און באלויכטן גאָר די וועלט פון דאַנען.

ווער האָט פון אונדז געקענט גאָר דעמלט וויסן,
צוליב וואָס האָט הויך דער בוים געשטיגן?
עמעצער פון אונדז געקענט האָט וויסן
וועמען וועט מען וויגן אינעם וויגל?

# סטאלינ

(גרוזינישער פאָלקלאָר)

כ׳וועל דיכ מיט דער וואָלגע ניט פארגלײַכנ,—
לאנגזאמ טראָגט זי אירע וואסער טרוימיק.
כ׳וועל מיט דער אראגווא דיר ניט גלײַכנ,—
האסטיק טראָגט זי אירע כוואליעס שוימיק.

ביסט ניט ענלעכ אפ קאזבעק דעמ גרײַזנ,—
גרויזאמ רוט ער אינעמ קאלטנ דרימל.
אפ א פעלדז א הוילנ ביסט ניט ענלעכ,
וואָס האָט איינזאמ אָנגעשפארט דעמ הימל.

עפשער ביסטו יענער יאמ דער בלויער,
וואָס די ערד פארגארטלט האָט ער פריִער?
עפשער ביסטו גאָר אָט יענער שטורעמ,
וואָס זיכ שלאָגט מיט פעלדזנ ספעראָזייער?

ביסט אנ אָדלער—פונ די בערג די העכסטע,
דו צעשפאלסט דעמ הימל מיט די פליגל.
האָסט צעפליקט, צעטריבנ אלע וואָלקנס,
אינ דעמ קוואל פונ זונ אונדז אופגעריגלט.

האָסט די וויג פונ אונדזער גרויסער פרײַהײַט
דאָ געוויגט אינ שטורעמ־ווינטנ גרעסטע,
אונ דײַנ נעסט דײַנ אָדלערישנ פעסטנ
אינ די הערצער אונדזערע פארנעסטעט.

אונדזערע געדאנקענ אונ געפילנ
טראָגסט אינ זיכ מיט אונדזערע געזאנגענ,
דו ביסט אונדזער ליכטנדיקער פײַער,
אונדזער צאפל ביסט פונ די פארלאנגענ.

ביסט די פאָן, וואָס גייט מיט אונדז אין שלאַכטן,
עס שאָרכן פונ שינעל דיינעם די פאָלעס,
ווערסט פונ וועג אראָפּשלאָגן זיך קיינמאָל
און דו ווייסט ניט קיינמאָל קיין מאַפּאָלעס.

אונדזער מארך, דאָס הארצ אליין ביסט אונדזערס,
אליין ביסטו פונ אונדזער בלוט דאָס פליסן,
א זון—וואָס אינ דער פינצטער אופגעשײַנט האָט,
ביסט אויך פונ אונדז דער לויטערסטער געוויסן.

אינ איין רעגע ביסטו דורכגעלאָפן
יאָרן טויזנטער — א לאנגן לעבנ...
וועגנ דיר די פאסטעכער זיי זינגען:
איינמאָל נאָר א קוק טאָן אפ דיר געבנ.

## ליד וועגנ דעמ פירער

ווען די זון וואָלט זיך פארלאָשן,
וואָלט די שרעק אונדז ניט געפונען,—
ווײַל דו וואָלסט פאר אונדז געלויכטן
העלער נאָך פונ זיבן זונען.

ווי די שטאָל פונ שווערד פונ בלאנקן,
וואָס ער קען אלצדינג צעהאקן,—
אָט אזא אָ ביסטו פירער,
ביסט ווי לענינ אומגעוואקלט.

דו האָסט אונדז ארומגענומען,
ווי דער שיינער רעגנבויגן,
וואָס ער האָט אינ זיבן פארבן
זיך אינ הימל אָנגעצויגן.

יִדיש—ז. טעלעסין.

# פאָלקס-לידער

## סטאַלין באַם רודער...

סטאַלין באַם רודער — ער פירט אונדזער־שיף,
מעסט ער די ווײַטקײַט, מעסט ער די טיף.

מיר ליבן דעם פירער, מיר טרויען אים אָן,
מיר הויבן נאָך העכער זײַן ליכטיקע פאָן!

וואָס וואָיען דאָרטן ווינטן מיט בייזן געברום?
זיי וועלן ניט קיינמאָל פארלעשן די זון!

## אומעטום סטאַלין מיר הערן

אומעטום סטאַלין מיר הערן,
ווײַל העלער ער שײַנט פון די שטערן,
ווײַל צארטער ער איז פון א בלום,
ווײַל העלער ער שײַנט פון דער זון,
סטאַלין, אונדזער לײַבלעכער סטאַלין.

## אפן לאָנקע בא א וואלד...

(א ליד פון א קאָלווירטישן פאסטעך)

אפן לאָנקע בא א וואלד,
וואָס שטייט שטענדיק פארטראכט,
פאשען מיר די קאָלווירטישע סטאדע
פון פרי ביז באנאכט.

אפ א בערגל זיצ איך מיר
מיט מײַן פײַפל אינ האנט,
און קאָן זיך ניט אָנקוקן
אפ דער שיינקײַט פון מײַן לאנד.

אפ די ביימער גרינע צווײַגן,
אך, זײַנען זיי שיין,
אפ פעלדער בלײַען זאנגען,
זײַנען זיי פול מיט כיין.

גיט א צווײַגעלע צו מיר א שמייכל,
א זאנגעלע צו מיר א ווונק,
צעפלאקערט זיכ פונ פרייד־געפילנ
אינ הארצנ א פונק.

וועסט ניט יאָמערנ, פײַפעלע,
ניט ווײנענ ווי אמאָל,
פריילעכ וועלנ דײַנע טענער
זיכ טראָגנ אפ בארג אונ טאָל.

אינ קאָלווירט בינ איכ גליקלעכ,
גליקלעכ אָנ א שיר,
פריילעכ, פריילעכ, פײַפעלע,
זאָלסטו שפּילנ מיר.

## דער טרײַער וועכטער

א שניי האָט געשאָטנ שפּעט אינדערנאכט,
דער וועכטער האָט דעמ שײַער דעמ גרויסנ באוואכט.

דעמ ביקס אונטער אָרעמ צומ שיסנ גרייט,
ער היט ווי דאָס אויג דעמ קאָלווירטישנ ברויט.

גייט ארומ דער וועכטער בא אלע ווענט,
אונ יעדנ מאָל פרווּט ער דעמ שלאָס מיט די הענט.

פרײַ אָטעמט ער אפנ שנייִקנ פעלד,
אונ ער שפאנט דער קאָלווירטישער העלד.

אונ פלוצלינג דערהערט ער א שאָרכ אינעמ שניי,
קלינגט אָפ זײַנ קאָל: ווער איז דאָרט, שטיי!

שטאָלצ שטייט דער וועכטער מיט דער ביקס אינ די הענט,
די אויגנ אינ אלע פיר זײַטנ געווענדט.

אויב ס'וועט דער סוינע נאָר צוגיינ אהער,
ניט לעבנ אפ דער ערד וועט ער שוינ מער.

די מאטעריאלנ זײַנענ גענומענ אינ דער פאָלקלאָר־סעקציע פונ דער
וויסנשאפט־אקאדעמיע פונ ווססר.

ש. ברעגמאנ

# א קלונג

געווענ א פרימאָרגנ, ווי אלע פרימאָרגנס, אינ מיטנ ווינטער, אינ דאָרעמ פונ סאָוועטנפארבאנד.

דאָקטער הארצמאנ, דער עלטערער דאָקטער אונ דירעקטאָר פונ סאנאטאָריע איז נאָכ געזעסנ בא זיכ אינ דער היימ, אינ זײַנ ארבעטס־צימער אונ נערוועז געקוקט אפ דעמ ציפער־בלאט פונ זײַנ האנט־זייגער.

„ער דארפ גיינ אינ סאנאטאָריע, באלד הייבט זיכ אָנ דער אָנבײַסנ אונ ער איז פארנומענ מיט געשפרעכנ דורכנ טעלעפאָנ...״

ער איז אינ דער צײַט געווענ אינקאעס אפ דעמ ערשטנ דערפינדער פונ דעמ אפאראט, וואָס דערלויבט צו ריידנ מיט מענטשנ, אפילע ווענ מע קענ זיי ניט אונ מע האָט זיי אינ די אויגנ ניט געזענ, אפ דעמ פראָווינציעלנ דײַטשישנ לערער רעימ, אפ דעמ ענגלישנ אינזשעניער בעל אונ אפילע אפ דעמ גרויסנ עדיסאָנענ אליינ, וואָס האָט דעמ טעלעפאָנ אויסגעטראכט.

פונ דער היימ איז ער אוועק א באַרויגעזער, נאָר ווענ ער איז געקומענ נאָענט צו דעמ „קאָמבינאט״, ווי ער האָט ליב געהאט אָנרופנ די דרײַ פרעכטיקע סאנאַ־טאָריומ־קאָרפוסנ, וואָס האָבנ געקרוינט דעמ בארג אונ וואָס האָבנ געהערשט איבער דער גאנצער שטאָט הײַזער, האָט ער פארגעסנ אָנ טעלעפאָנ.

ער איז ארײַנ אפנ קיכ, פארזוכט די שפײַזנ, אינ עס־צימער באקוקט די סער־ווירטע טישלעכ, א שמעק געטאָנ פונ די רויזנ־קנאָספנ, וואָס זײַנענ געשטאנענ אינ וואזעס, אונ איז ארויס א צופרידענער.

ער איז געגאנגענ דורכ די לאנגע קאָרידאָרנ, וואָס זײַנענ געווענ באלויכטנ דורכ דעמ גלאָז־דאכ אונ הימל, ארײַנגעקוקט אינ די צימערנ, ווו עס האָט געשטעקט א שליסל אינ טיר, זיכ געגריסט מיט די אָפרועגריקע.

ניט ווײַט פונ זײַנ קאבינעט האָט אימ באגעגנט אנ אופראמערנ:

— לעוו יאקאָוולעוויטש, מענ בעט אײַכ צומ טעלעפאָנ.

— שויג ווירער?

ער האָט ארויסגעכאפט פונ צווישנ די ציינער דעמ פאפיראָס, וואָס ער האָט גערויכערט:

— ווידער טעלעפאָנ! — זאָגט, אז איכ בינ ניטאָ... ווארט, זאָגט, אז... נו, איכ וועל שוינ גיינ.

צום טעלעפאָנ האט ער געווינלעכ פארשפעטיקט, אונ איז אפילע געווענ צופרידנ, נאָר צוריקגייענדיק האָט אימ באגעגנט זײַנ געהילפ אונ אָנגעזאָגט אימ:

— מענ האָט געקלונגענ דורכנ טעלעפאָנ, געבעטנ ארויסשיקנ א מאשינ צום וואָקזאל, דער כאווער פאפאנינ קומט מיט דעמ ערשטנ צוג פונ מאָסקווע.

דאָס מאָל האָט שוינ פארדראָסנ דעמ דאָקטער הארצמאנ וואָס ער איז באמ טעלעפאָנ ניט געווענ, נאָר ער האָט באלד אָפגעגעבנ א פאראָרדענונג צוגרייטנ א מאשינ אונ איז געוואָרנ באלד אנ אנדער מענטש: „טאקע, גרויסע לײַט, אָנגעזעענע סטאכאנאָווצעס, אָרדענטרעגער, העלדנ פונ כאָוועטנפארבאנד, זײַנעג גענוג איבערגעווענ אינ דעמ סאנאטאָריומ, אָבער, פאפאנינ, א קלייניקײַט, פאפאנינ“!

ער איז געוואָרנ פרײלעכ, ווי א קינד, וואָס האָט אָפגעווארט אפ זײַנ טאטנ, וואָס האָט באדארפט קומענ פונ ערגעצ ווײַט־ווײַט.

ער האָט אפילע אָנגעזאָגט אהיימ (דורכנ טעלעפאָנ), אז צו זיי קומט פאפאנינ.

ביז די מאשינ איז געקומענ פונ גאראזש, איז דאָקטער הארצמאנ ארומגעגאנגענ ווי א פארקישעפטער: אלצ, וואָס ער האָט געלייענט אינ די צײַטונגענ וועגנ דער פאָליוס־עקספעדיציע, פאר דער צײַט, וואָס פאפאנינ אונ זײַנע כאווירימ זײַנענ געשוואומענ אפ דער אײַז־קריִע, איז איצטער געשטאנענ פאר זײַנע אויגנ: אָט פאקעווען מענ אינ די פליגלענ פונ די לופט־שיפנ אלערליי קעסטלעכ, בידאָנענ... אָט זעט ער שוינ, ווי די שיפנ לאָזנ זיכ אראָפ אפנ ווײַטנ אינדזל, ווו זיי בײַטנ די ומי־רעדער אפ גליטשערס... אונ, אָט זעצט מענ זיכ שוינ ארויס אזנ סאמע, סאמע עק וועלט, עס ווייעט א טרוקענער, נאָר געדיכטער שניי. א שווערער ווינט ברויזט אונ ווארפט פונ די פיס.

ער לאָזט דורכ די שטייגער־בילדער, ווי פאפאנינצעס קאָכנ ווארמעס, באלעבאטעווענ, דערזעט פאר זיכ אנ אָפענע פאלאָנקע, א דינעמ דראָט־שטריקל, אפ וועלכנ עס מעסט אנ אפאראטל די טיפקײַט פונ יאמ... דערנאָכ... דערנאָכ שפאלט זיכ אָפ א האלבע אײַז־קריִע אונ עס ווערט ניט פונ די אויגנ דאָס שפײַז..

באמ דאָקטער הארצמאנ פארכאפט דער אָטעמ, אָבער ער איז נאָכ ווײַט געווענ פונ צווייטנ סאָפ קאָרידאָר, ווי ער זעט שוינ צוויי שיפנ, וואָס זײַנענ געקומענ נעמענ די פיר העלדנ צוריק אהיימ, אינ סאָוועטנפארבאנד...

---

ער האָט אײַנגעאָרדנט פאפאנינענ, אונ קוימ דערלעבט די צײַט פונ גיינ אהיימ. פאר דער פרוי אונ קינדער האָט ער דערציילט:

— איר וואָלט אימ זענ, א פאָשעטער, א פראָסטער מענטש, נאָר א שפאס, נאָר א וויצ...

אפ מאָרגנ נאָכ דעמ, ווי דער כאווער פאפאנינ האָט זיכ אָפגערוט פונ וועג, איז ער געווענ אינ לייענ־זאל, ער האָט דאָ א פרעג געגעבנ בא די איבעריקע אָפרוענדיקע:

— כאווירימ, ווי האלט דאָס דאָ בא אײַכ וועגנ א שפיל טאָנ אינ דרענגלעכ?

— ניטאָ בא אונדז קײנ דרענגלעכ, — האָט עמיצער אימ אָפּגעענטפערט...

— א גרויסער שאָד, מענ גלײַכט זיכ אביסל די בײנער מיט דער שפּיל. נו, אונ גליטשערס, ליזשעס האָט איר דאָ, אפ זײ איז גוט זיכ דורכפאָרנ, פונ א בארג זיכ א גליטש טאָנ איז א פארגעניגנ.

— פאראנ בא אונדז אנדערע שפּילנ,—האָט אָפּגעענטפערט הארצמאנ, װעלכער איז געװענ דערבײַ — פאראנ שאכמאט, פאראנ...

— דאָס איז שױנ גוט נאָכ דעמ, װענ מענ קומט פונ גאס א צעװארעמטער, א צעװיגטער, איז טאקע זײער גוט שפּילנ אינ שאָכ.

— מירנ באװײַזנ דרענגלעכ, מירנ קריגנ גליטשערס,—האָט צופרידנ אָפּגעענטפערט דער דאָקטער הארצמאנ, — איר דארפט זיכ אָבער צוערשט גוט אויסרוענ.

אפ פאפאנינענ האָט ער אלײנ אכטונג געגעבנ. אײנמאָל, װענ ער האָט באטראכט זײַנ כאָשעװנ גאסט, האָט ער דערהערט א כריפּענ אינ האלדז בא אימ. ער האָט אײַנגעלאדנ א האלדז-דאָקטער. דער האלדז-דאָקטער האָט צוגעשריבנ דעמ כאװער פאפאנינענ אינגאליאציע. דאָקטער הארצמאנ האָט ארײַנגעפירט אנ אינגאליאטער-אפּאראט צומ כװאליע אינ צימער.

פאפאנינ האָט זיכ געװיצלט:

— א מינ באזונדער סאָרט דאמפּ-מאשינע. עפּשער װאָלט זי געטויגט פאר דער ארקטיקע?

ער האָט שפּעטער דערזענ פאפאנינענ אינ לײענ-זאל, איז ער צו אימ צוגעגאנגענ:

—כאװער, האָט ער צו אימ געזאָגט,—איכ האָב מוירע איר זאָלט זיכ דאָ ניט צוקילנ, װײַל מענ האָט צעעפנט אלע פאָרטקעס, מענ לויפטערט דאָ איצטער דעמ צימער...—

פאפאנינ האָט װידער געשפּאסט:

— איר װעט מיכ דאָ צוגעװױנענ צו װארעמקײַט װי א ניט באפּעדערטע הינעלע. איכ װעל, אפּאָנעמ, דאָ מוזנ פארבלײַבנ אפ שטענדיק, װײַל אפילע אינ אזא װארעמער שטאָט װי מאָסקװע, װעל איכ דאָכ ניט טאָרנ ארויסשטעקנ דעמ נאָז.

ער האָט אָבער געפאָלגט אונ הארצמאנ איז װידער געװענ צופרידנ מיט זײַנ ליבנ גאסט.

אײנ זאכ האָט אָבער פארשאפט דעמ דאָקטער הארצמאנ לײַדנ: דער ניקלנער גלעקל װאָס אפ דעמ טעלעפאָנ, װו ער זעט זײַנ פּאָנעמ שטענדיק א פארקרימטנ, האָט די לעצטע צײַט זיכ צעקלונגענ גאָר אפ אנ אנדער אויפנ. מע האָט זיכ אָנ אופהער נאָכגעפרעגט אפ דעמ ליבנ גאסט. װעלכע שטימענ זײַנענ דאָרטנ ניט געװענ? — ציטערנדיקע אַלטנ, זינגעװדיקע סאָפּראנעס, קינדער פונ די שולנ האָבנ גאָר צו רו ניט געלאָזט:

— דער כאװער פאפאנינ איז געקומענ?

— בא אײַכ איז פאראנ דער כאװער פאפאנינ? — האָט אײנמאָל ארײַנגערעדט א קינדערשער פּיסקל.

— װענ װעט ער צוריק פאָרנ?

— ער גײט ארומ איבערנ שטאָט?

װאָלטנ דאָס געװענ דערװאקסענע מענטשנ, װאָלט ער זײ געװיס ניט געענטפערט, אָבער דאָס האָבנ זיכ דאָכ נאָכגעפרעגט קינדער. האָט הארצמאנ געליטנ. א צונאָב

צו דעם אלעם איז נאָך געווען זײַן פירע, די צוועלפיאָריקע טאָכטער, וואָס לערנט אין דער ערשטער שול, וואָס אפ דעם כאַווער לענינס נאָמען. זי האָט איבערגעגעבן אין דעם זעלבן טאָג, בא זיך אין קלאַס, ווער עס איז געקומען אין זײער סאַנאַטאָריע, און די כעווריע האָבן באַשטימט בעטן צו זיך דעם כאַווער פּאַפּאַנין, און האָבן באַלד געקלונגען צום דאָקטער הארצמאַן: „מיר ווילן וויסן אַלץ וואָס ער האָט דאָרטן געזען, — האָבן זײ אַרײַנגערעדט אין טרײַבל. — מיר ווײסן, אַז ער וועט דאָ זײַן אַ כוידעש און עפּשער מערער, ווײַל ער דאַרף זיך גוט אָפּרוען. און מיר ווילן ער זאָל אונדז דערצײלן: ווי זעט דאָס אויס די זון דאָרטן אפ דעם שפּיציקל פון דער ערד? צי איז דאָרטן די נאַכט טאַקע אַזאַ לאַנגע, צי זײַנען דאָרטן פאַראַן נאָך כײַעס כוץ די ווײַסע בערן? צי האָט ער דאָרטן געזען יאַם־לײבן, יאַם־קעץ, הײפישן, און הערשן? און איבערהויפּט ווילן מיר וויסן, וואָס מאַכט דער הונט, וואָס איז געווען מיט זײ אפ דער אײַז־קריזע?"

פירע, הארצמאַנס טאָכטער איז געווען דער דיפּלאָמאַט, און פון איר האָט זיך הארצמאַן דערוווּסט פון די קינדערשע פּלענער.

ער האָט זײ איבערגענומען פּונקט דענסטמאָל, ווען זײ זײַנען געקומען אַ דעלעגאַציע צום כאַווער פּאַפּאַנין, ער האָט זײ געזאָגט:

— קינדער, דער כאַווער פּאַפּאַנין קען איצטער צו אײַך ניט גײן, ער איז עפּעס צוגעקילט.

פּאַפּאַנין האָט אָבער דערהערט, אַז צו אים זײַנען געקומען קינדער, איז ער אַוועק צו זײ, און שוין געוואָלט מיט זײ מיטגײן, האָט זיך אַרײַנגעמישט דער דאָקטער הארצמאַן:

— איך פאַרווער אײַך, —האָט ער רויִק, נאָר מיט אָנגעכמורעטע ברעמען זיך אָנגערופן צום כאַווער פּאַפּאַנין, —איר קענט זיך נאָך צוקילן.

פּאַפּאַנין האָט פאַרשפּראָכן די קינדער:

— איך גיב אײַך מײַן ערנוואָרט, איך וועל בא אײַך זײַן, און וועל אײַך אָנדערצײלן פון אַלץ, נאָר איר ווײסט דאָך, מיר דאַרפן זײַן דיסציפּלינירטע. יע, אָן דיסציפּלין איז ניט גוט!

די קינדער זײַנען אַוועק צופרידענע פון זײַן צוזאָג.

אינגיכן האָבן זײ אים געקלונגען דורכן טעלעפאָן. ער האָט זײ אָפּגעענטפערט:

— יע, איך בין געזונט ווי אַ ווײַסער בער. עמעס־עמעס, ווי אַ ווײַסער בער! אָבער איר דאַרפט ניט קומען צו מיר. איך וועל קומען צו אײַך. פונוואַנען ווײס איך די וועג? — איך וועל שוין ווי עס איז טרעפן...

— לעוו יאַקאָוולעוויטש, —האָט ער זיך געווענדעט צום דאָקטער הארצמאַן, —איך גײ הײַנט צו די קינדער. איך פיל זיך געזונט, וואָס בעסער דאַרף מען שוין ניט.

דאָס מאָל האָט זיך הארצמאַן אונטערגעגעבן. ער האָט זיך אַ קלער געטאָן: „אין געזונט פילט ער זיך גוט, און ווי זאָגט מען דאָס אָפּ אַזאַ מענטשן? — ער איז דאָך אַרומגעשוווּמען אין דער אַרקטיקע, צווישן הימל און אײַז כאַדאָשים לאַנג. ער האָט דאָך געשטעלט זײַן לעבן אין סאַקאָנעס צוליב דערהײבן פאַר דער גאַנצער וועלט די וויסנשאַפט אין אונדזער הײמלאַנד.

— איר וועט פאָרנ, נאָר זײַט אָפּגעהיט, איכ בעט אײַכ. ווײַל דאָ כאפּנ א פארקילונג איז גרינגער, ווי באקימענ א קאטער אינ דער ארקטיקע.

— געוויס, דאָרטנ איז איינ וועטער, אונ דאָ שטערט שטענדיק די זונ,—האָט געשפּאסט פאפאנינ, — לאָמיר פאָרנ.

הארצמאנ האָט ניט כאראָטע געהאט אפ זײַנ דערלויבעניש. נאָר ווענ ער האָט דערהערט (שוינ צוריקומענדיק), אז פאפאנינ לייגט פאָר גיינ שפּילנ אינ דרענגלעכ, האָט ער אימ פארבעטנ צו זיכ אינ קאבינעט:

— אויב איר קלײַבט זיכ איצטער גיינ שפּילנ, וויל איכ אײַכ פריִער אויסהערנ, איר זײַט זייער גענייגט צו פארקילונג.

— אינ דרענגלעכ דארפט איר ניט שפּילנ. ניט עסנ קיינ הייסע, ניט טרינקענ קיינ גאָר קאלטע,—האָט הארצמאנ אימ געזאָגט.

— אויב אזוי,—האָט זיכ געוויצלט פאפאנינ,—איז וואָס איז מיר דאָ אזוי גוט?— אינ דרענגלעכ ניט שפּילנ, אפ גליטשערס ניט פאָרנ, ניט טרינקענ קיינ הייסע, קיינ קאלטע.—ער האָט באלד געביטנ די טעמע פונ דעמ געשפּרעכ:—אָבער וואָס זאָגט איר אפ די קונדייסימ, עס וואקסט אביסל א דאָר! — זיי דארפנ וויסנ אלצ ביז סאָפ!

אינאָוונט איז ער ארײַנ ווידער צו פאפאנינענ. זיי האָבנ זייער פיל גערעדט וועגנ דעמ נײַעמ וועג, וועגנ דעמ גרויסנ שליאכ, וועגנ דעמ אײַז־טראקט, וואָס אפ דעמ כאוועד סטאלינס נאָמענ. מענ האָט אָנגעקלאפּט אינ טיר, עס האָט זיכ באוויזנ א דאָקטער: — מענ בעט אײַכ צומ טעלעפאָנ, ליעוו יאקאָוולעוויטש.

הארצמאנ האָט א צוק געטאָנ מיט די אקסלענ:

—וואָס וויל פונ מיר האָבנ דער טעלעפאָנ, א מינוט א רויִקע ניטאָ.—ער האָט זיכ אָפּגעזעגנט אונ איז ארויס.

ער האָט זיכ פארגעסנ, אז גערופנ האָט מענ אימ צומ טעלעפאָנ, וואָס אינ קאָנטאָר. ער איז ארײַנ צו זיכ, געפונענ דאָס טרײַבל אפנ טיש (ער פלעגט זי אראָפּנעמענ, מע זאָל צו אימ ווייניקער קלינגענ), אונ איז געווענ פונ דעמ צופרידנ.

איז אָבער ווידער געקומענ א שוועסטער:

— ליעוו יאקאָוולעוויטש, מענ בעט אײַכ דרינגענד צומ טעלעפאָנ אינ קאָנטאָר.

דאָס מאָל איז הארצמאנ געגאנגענ פוילער ווי אלע מאָל, ווײַל געווענ איז שוינ נאָכ צוועלפ אזייגער.

ער איז ארײַנ אינ קאָנטאָר, רויִק אונ ניט געײַלט געזעצט זיכ אפ א שטול אונ גענומענ דאָס טרײַבל אינ האנט:

— ווער קלינגט,—האָט ער געפרעגט מיט א פארדראָס אינ שטימע,—הא, ווער?

— מיט ווועמענ האָב איכ די ערע, — האָט מענ בא אימ געוואָלט וויסנ.

„ניינ, ניט פונ דער היימ, ניט קיינ באקאנטע שטימע" — האָט א טראכט געטאָנ הארצמאנ — עס רעדט דער דירעקטאָר פונ דעמ סאנאטאָריומ,—ער האָט זיכ אָפּגעהוסט, — פונ וואנענ רעדט מענ?

— איר הערט מיכ? קוימ זיכ דערקלונגענ,—האָט אָפּגעענטפערט א זיכערע, א פעסטע, נאָר א רויִקע שטימע...—איכ קלינג פונ מאָסקווע.

— פונ מאָסקווע?

— פונ מאָסקווע, פונ מאָסקווע! בא אײַכ געפינט זיכ דער כאווער פאפאנינ?—

באַ אײַך? זײער אָנגענעם. איך האָב געוואָלט וויסן, ווי פילט ער זיך אין געזונט, ער איז זײער פּאַרמאַטערט, אַפּ אים דאַרף מען באַזונדערס אַכטונג געבן, ער היט זיך ניט, איך בעט אײַך.

— דאָס רעדט עמיצער פון זײַנע נאָענטע?

— זײער אַ נאָענטער, זײער אַ גוטער פרײַנט.

— עפּשער גאָר זײַן טאַטע, — איז נײַגעריק געוואָרן וויסן הארצמאַן.

— ניין, ניט זײַן טאַטע, דאָס פרעגט זיך נאָך אַפּ אים סטאַלין. איר הערט מיך גוט?

דאָקטער הארצמאַן איז אופגעשפּרונגען פון שטול. דער צימער איז אַוועק אַ קאַראַהאָד. אין די אויגן איז אים געוואָרן ליכטיק, ווי עס וואָלטן זיך אָנגעצונדן סעכסיקע יופּיטערס, נאָר זײַן האַרץ האָט געהאַלטן באַם אַרויסשפּרינגען.

„וואָס האָט ער דאָ אופגעטאָן. ווי האָט ער גערעדט? און ער האָט דאָך גאָר ניט געוואָלט צוגיין צום טעלעפאָן"...

ער האָט אָנגעכאַפּט מיטביידע הענט דאָס טעלעפאָן־טרײַבל ווי ער וואָלט מוירע געהאַט, אַז עמעצער זאָל זי באַ אים ניט אָפּנעמען...

— זאָגט איר מיר צו, געשעצטער דאָקטער הארצמאַן — האָט ווידער די זעלביקע, פעסטע און רויִקע שטימע געפרעגט — מען דאַרף אַפּ אים גוט אַכטונג געבן...

— דאָס רעדט איר, יאָסיפ וויסאַריאָנאָוויטש?

— יע, איך, יאָסיפ וויסאַריאָנאָוויטש, גיט אים איבער אַ גרוס.

— — — — — — — — — — —

איינער אַליין אין צימער, אַרומגערינגלט דורך דער שטילקײַט פון נאָך האַלבער נאַכט, איז דאָקטער הארצמאַן געשטאַנען נאָך לאַנג באַם טעלעפאָן. ער האָט געהאַלטן מיט ביידע הענט דאָס טעלעפאָן-טרײַבל, געקוקט אַפּ דעם, ווי אַפּ אַ וווּנדערבאַרער קונסט־ווערק.

אים האָט באַהערשט אַ געפיל אַזאַ, וואָס ער האָט ניט איבערגעלעבט צײַט זײַן גאַנצן לעבן: אים האָט זיך פאַרוואָלט אַראָפּרײַסן דאָס טרײַבל פון טעלעפאָן, באַהאַלטן זי באַ זיך אין טישקעסטל פון זײַן שרײַב־טיש און נאָר פאַר נאָענטע, פאַר גאָר נאָענטע זי באַווײַזן. דערציילן דערבײַ, ווי אַ סאָד: „אָט דורך דעם טרײַבל האָט מיט מיר גערעדט דער כאַווער סטאַלין!"

מאָטע דעכטיאר

# בּרידער

מיר זײַנענ געזעסנ אינ שאָטנ פונ וואנט דרײַ נאָענטע, לײַבלעכע אונ אזוי היימ־לעכ געשמועסט.

איינער פונ אונדז דער סאמע ייִנגסטער איז נאָר וואָס אנטלאָפנ פונ א טאבאָר, דאָס איז א 17 יאָריקער ציגײַנער, א קורצינקער, א שווארצער אונ הייסנ הייסט ער ראָמקע. דער צווייטער, א דאָרפישער, געלבלעכער יאט מיט שפרינקעלעכ אפנ פּאָנעם. אונ רופנ רופט מענ אימ פּעטרוס בוטשאנ.

אונ איכ, א שטעטלדיקער באָכער. רופט מיכ ווי איר ווילט, איכ בינ ניט קיינ הויכער אונ ניט קיינ קורצער, מע זאָגט, אז א שווארצער אונ א נאָז איז ווײַזט אויס בא מיר גרעסער ווי בא זיי ביידנ.

(די דערציילונג צום נאָז האָט ניט קיינ שײַכעס).

אָט נעמענ מיר זיכ פאר די הענט אונ קלעטערנ אפ די הויכע שטאגעס פונ גע־בײַ. ס'האָט שוינ געקלונגענ צופוסנ פונ געבײַ דער שטאָלענער רעלס. ס'איז שוינ נאָכ ווארמעס. עס ווארטנ אפ אונדז די אָפּגעקילטע קעסלעכ מיט צעמענט, עס ווארטנ אפ אונדז...

ראָמקע הויבט די שווערע ברעזענטענע הויזנ, דער שווארצער פענזעלע האָר איבער זײַנ שטערנ צאפּלט, צאפּלט אונ איז פארטראכט. פּעטרוס בוטשאנ האלט אימ אָנ פאר אנ ארבל אונ שפריצט מיט די גרויע ווארעמע אויגנ.

— איבעראיאָר וועט בא דיר ווערנ פונקט אזוינע הארטע הענט ווי בא אונדז. איבעראיאָר... א קוואליפיקאציע ווי מיר באקומענ איבעראיאָר...

ראָמקע הויבט נאָכ אלץ די שווערע הויזנ, די טונקעלע קײַקעלעכ פינטלענ, פינט־לענ אינ די ברעמענ אונ אינ מויל ווו עס שמעלצט זיכ א געדיכטער ראנד ווײַסע ציינער.

— איבעראיאָר...

מיר הויבנ זיכ פאמעלעכ אפ די שטאגעס אונ קלעטערנ אפנ רוקנ פונ געבײַדע, ווי אפ א הויכנ בארג.

ראָמקע שטעלט זיכ אפ א ווײַלע אָפּ אונ כאפּט איבער דעם אָטעם. פּעטרוס בוטשאנ הויבט אימ אונטער אונ ווארעמט אימ מיט א נאָענטנ שמייכל — אפ אזא הויכ, ברודער, קיינמאָל ניט געווענ, אָט באלד וועט זײַנ דער הימל, ווענ מירנ זיכ אופהויבנ נאָכ העכער.

צווישן א וואלד פיס פארלירן זיך און צעפּוטענע זיך אונדזערע פיס. ראָמקע טוט א זיפץ, פעטרוס בוטשאַן טוט אים א קיצל אין א זײַט — מ'עט אונדז אופהויבן נאָך העכער...

דער יונגער קערפּער פון ציגײַנער ציט זיך אזוי שווער אפ ארופ און ער וויגט זיך אזוי פאמעלעך און באטראכט זײַן יונגן שווארצן קאָפּ.

בינגאָלד פון זון שפּיגלט זיך אין די בענקענדיקע סײַקעלעך פון זײַנע אויגן.

* * *

אין רויטע רויכלעך פון ציגל שוועבט אופ א יונגער ציגײַנער און פארשווינדט אלע ווײַלע ווי אין א פאנטאזיע. די קאָזלע אפ זײַן פּלייצע איז אזא שווערע און גרויסע. און אויסקערנדיק אפן רישטאָק א קאָזלע מיט ציגל טוט ער א זיפץ. דער רויך פון ציגל האָט אים פארפאראָשעט די געדיכטע שווארצע ברעמען. רויט איז געוואָרן דער צאפּלדיקער פענזעלע האָר איבער זײַן שטערן. אפ עטוואָס אויסגעבויגענע קורצע פיסלעך שטייט ער אפ א הויכן רישטאָק און קוקט אפ אומבאקאנטע ווײַטע ווינקעלעך.

אהין, אויסער די ברעגן פון שטאָט, דאָרט ווו עס גרינט א פריילעכע לאָנקע, ווו עס שפּיגלט זיך א יונג טײַכל, ווו עס סאָפּעט א קליין צונויפגעטוליעטער וועלדל, פאלט א שטראל פון זײַן בליק. דאָרטן אין וועלדל האָט ער עפּעס פארלאָרן, ס'מוז נאָך דאָרט דערטליִען דער שײַטער פון יענעם טאבאָר וואָס ער האָט פארלאָזן. ס'רעכט, טאטע און מאמע זוכן אים איצט און רופן אים ווי אן אנטלאָפענעם לאָשעקל. עס זוכט אים אפגעוויס זײַן מיידל מארע, אָט די לאָקנדיקע יונגע ציגײַנערקע מיט די ליכטיקע אויגלעך. אָט אלע פארנאכט, ס'רעכט, קומט זי צו יענעם טײַכל און שעפּטשעט צום פריילעכן וואסערל און פרעגט זיך נאָך בא די אײַלנדיקע כוואַליעכלעך:

ראָמען, ראָמען דעם ציגײַנער האָט איר עפּשער, וואסערלעך, געזען — ווו איז מײַן ראָמע אהינגעקומען?

זי וואָלט אים איצט אפגעוויס ניט דערקאָנט, קיינער אין טאבאָר וואָלט אים איצט ניט דערקאָנט.

ס'איז דאָך א נײַע וועלט ארום אים, א וועלט מיט ארבעט. אָט די הענט, די הענט בײַסן אים אזוי שטארק.

אָט ווען זי נעמט אים אָן פאר די הענט...

זײַנע פארפאראָשעטע טונקעלע קײַקעלעך האָבן אזש געשפּראָצט פון די ברעמען. אנטקעגן שײַן טוען זיי זיך א זשמורע און עס ציטערט זײַן קאָל מיט בענקענדיקע סטרונעס. ער זאָגט:

— נעכטן איז זי, דאכט זיך, געוועזן אין אן אנדער אָרט, אָט די זון. נעכטן...

ער פארשווינדט אפ א ווײַלע מיט א פּוסטער קאָזלע און זײַן קליינער שאָטן וויגט זיך, וויגט זיך אפ ברעטער, עס טוט אים א צי אזוי פּלוצלינג אפ אראָפּ.

דאָרט, אונטן, צופוסן פון געבײַ פירן פורמאנעס ציגל אפ גרויסע קארעס. רויט זײַנען פון ציגל־רויך די גרויסע, שווערע פורמאנישע פערד, אויך אפ פורמאנישע פּלייצעס רוען די שטויבן און גיסן זיך צונויף ווי שטיין.

בא די גרויסע קארעס דרייט זיך ארום אזוי פארלאָרן ראָמקע דער ציגײַנער. מיט

א ציטערדיקער האַנט רײַבט ער דעם שטויב פון פערדישע רוקנס. די פערד אָטע־מען מיט הייסן דאמפ אים אין פּאָנעם אַרײַן, זיי שמײַסן מיט גרויסע שווערע עקן, און ער דרייט זיך אַרום, ווי אין א וויכער און שלינגט דעם קילן פרישן ווינטל.

גרויסע פורמאַנעס טוען צו אים א טרייסל מיט גרויסע פאַרשטויבטע בערד און טוען אפּצוקלוימערשט א לאַך מיט גרויסע פאַרגעלטע ציינער:

— ציהאַנאָק, נו, קויפ, ציהאַנאָק, וואָסער פערדל דאָס הארץ גלוסט!

ער טוט פאַרלאָרן א פינטל מיט די פאַרכמורעטע קײַקעלעך און פאַרלירט זיך נאָך מער. דאָס פּענזעלע האָר אף זײַן שטערן ווערט נאָך מער פאַרטראַכט און ער ווייס ניט וואָס צו ענטפערן. ס'פאַרקלעמט אים דאָס הארץ. ער האָט קיינמאָל אַזוינע גרויסע פערד ניט געזען. בא זיין טאַטן דאַנילע איז געווען אַזא אַלטע דראַכלע, וואָס האָט קוים געשלעפּט די פיס. זײַן טאַטע דאַנילע פלעגט זיך שלעפּן דער לעבעטער אין טאַבאָר, זײַן מאַמע פלעגט פּאַשעט שטענדיק גיין צופוס, און ער פלעגט נאָך־לויפן ווי א קליינער פּאַראַסיאָנאָק נאָכן וואָגן.

ער האָט קיינמאָל ניט געביטן קיין פערד, נאָר רײַטן אף פערד ט'ער געריטן אַסאַך מאָל. אָט ווען מען גיט אים א פערד מיט דינע פיסלעך וואָלט ער באַוויזן ווי מען דאַרף רײַטן. אָט ווען מען גיט אים...

עס שמײַסן נאָך האַסטיקער פאַרשטויבטע פערד מיט גרויסע עקן, פון יעדן טופּ פון זייערע פיס טוט ער זיך א טרייסל. אָט־אָט קוליעט זיך אראָפּ די הילצערנע קאָזלע פון זײַן פּלייצע.

ער הערט ניט וואָס מע רעדט צו אים, ער איז טויב.

— מאַטעריאַל! מאַטעריאַל! — הוקן אראָפּ פון ווענט פאַרקאַלכטע מוליאַרעס. פונדערהויך פאַלן זייערע קוילעס ווי שטיינער. עס שווינדלען פאַרבײַ שווער געלאָ־דענע טאַטשקעס, עס קריצן אַזוי שטאַרק הויכע עלעקטרישע הויבערס, עס טופּען אַזוי שווער פיס איבער לייטערס, עס וויגן זיך, וויגן זיך שטאַגעס.

— האָליאַ! האָליאַ! — רוישט אים אין די אויערן. אים דאַכט זיך טאַבונעס פערד יאָגן אין אָפענעם גרינעם פעלד, עס כוואָשטשען אַזוי פריילעך ציגײַנער מיט די בײַטשן. ציגײַנערטעס טרייסלען מיט די גרויסע פוסטע טאָרבעס, און ציגײַנער־לעך פליעסקען, פליעסקען מיט פאַרמורזעטע הענטלעך און האָפּען אויס א טענצל.

— האָליאַ! האָליאַ!

ער פילט ניט ווי עס הויבן אים די פיס איבער שטאַנעס און ווי עס ציט, עס ציט אים אף אַרויף. ער ספּאָטיקעט זיך אָן א פּלאַנקע און שיר וואָס ער פאַלט ניט אום.

עמיצער כאַפּט אים אונטער, לאָזט אים ניט פאַלן, א באַקאַנטער קאָל טוט אים א מונטער — ניט פאַל, דרוזשע, מען טאָר ניט פאַלן, מ'עט לאַכן, ניט פאַל...

דאָס איז פּעטרוס בוטשאַן, ער איז אים געגאַנגען זוכן, ער האָט געהוקעט, גע־הוקעט — מאַטעריאַל! און ס'איז ניט געווען ווער ס'זאָל אים ציגל דערלאַנגען.

— געמיינט אַז געמאַכט דראַלע — האָט פּעטרוס א סווישטשע געטאָן אים אין אַן אויער — דו לעבסט און איך האָב געמיינט...

ראָמקע האָט שווער געשלעפּט די פיס, געקוקט האָט ער מיט אַזא מין אָנגעגאָ־סענער פּײַכטער בענקשאַפט אין די אויגן און די הילצערנע קאָזלע אף זײַן פּלייצע

האָט זיך געבאָמבלט. ער האָט איצט, דאַכט זיך, אויך ניט געהערט, וואָס מען רעדט צו אים, ער האָט געשפאַנט פאַמעלעך, ווי אָנקומענדיק פון א גרויסן שווערן וועג. גייענדיק האָט ער אופגעדרייט א ציגאַר און אומשולדיק געצויגן זיך נאָך זײַן געלבלעכן כאַוועך, אָט דעם בראַונס טײַערן יונג וואָס הייסט פעטרוס בוטשאַן.

אין א ווײַלע אַרום האָט ער געשפאַנט מיט א גרויסער אָנגעלאָדענער קאָזלע אף זײַן פּלייצע, עס האָבן געסקריפּעט רישטאָקעס אונטער זײַנע קורצע אויסגעבויגענע פיסלעך. זײַן היילע שווארצע קאָפּ האָט זיך געוויגט און די פײַכטע בענקשאַפט אין די אויגן האָט ווי געדרונען פון אונטער די ברעמען.

— האָליאַ! עך! א באַרג מיט ציגל האָט זיך געשאָטן פון זײַן פּלייצע. ס'האָבן געשוועבט רויטע רויכלעך אַרום אים.

* * *

מיר האָבן געלעבט אין איין באַראַק. אונדזערע הילצערנע בעטלעך זײַנען געשטאַנענע איינע לעבן די אַנדערע. בא ראָמקען איז ניט געווען מיט וואָס זיך צודעקן, ניט געווען וואָס לייגן צוקאָפּן. איך האָב אים געגעבן א היימיש קישעלע. פעטרוס בוטשאַן האָט אים געגעבן אַן אַלטע דערוהע און דערבײַ געזאָגט:

— נאָך אַן אָנדענק פונדערהיים, דער מאַמעס א האָסטינעץ, איבעראיאָר ס'טו אויך האָבן מיט וואָס זיך צודעקן.

— איבעראיאָר, האָט זיך ראָמקע פאַרטראַכט — נאָך א סאַך ביז איבעראיאָר?

אַלע דרײַ הילצערנע בעטלעך זײַנען געווען צונויפגעקלאַפּט פון איינעם און דעם זעלבן האָלץ. זיי פלעגן סקריפּען, ווי צונויפגערעדט, מיט איינע און דער זעלבער שטים. עס פלעגט זיך צונויפגיסן מיטן סקריפּ ראָמקעס א קאַלטער זיפץ, ער האָט נאָך דערווײַל ווי געלעבט אין א מין באַזונדער וועלטל, א וועלטל וואָס איז געווען ווײַט פון אונדז און אומפאַרשטענדלעך.

אַלע טאָג פרעגט ער זיך נאָך — צי איז נאָך ווײַט צו דער פּאַלוטשקע — יעדער טאָג, ווײַזט אויס, ציט זיך בא אים אויס פאַר א יאָר, ער ציילט זיי די טעג און זיפצט.

אין דער אַנטקעגנדיקער גרויסער פענצטער פון באַראַק שטעקט שטענדיק איינער און דער זעלבער קויל פון דער לעוואָנע. בא יעדערן פון אונדז איז א באַזונדער קוק אף דעם געלן קויל.

— גאַלאָפּאָם, גאַלאָפּאָם פליט זי — זאָגט ראָמקע.

— ענלעך אף א קירבעס—שווערט זיך פעטרוס.

איך זאָג גאָרניט, איך טראַכט נאָר — וויאַזוי זעט אויס די לעוואָנע אין יענעם הימל, וואָס הענגט איבער מײַן שטעטל. ס'רעכט, אַז איצט קוקט זי אַרײַן אין דעם הויפיקן פענצטער פון מײַן טאַטנס שטיבל. איר שײַן מוז אפגעווייס איצט פאַלן אף דעם גרויסן אָפּגעקראָכענעם אויוון, וואָס איז פאַרוקט ווי א זינדיקער אין ווינקל. עס מוז זיך ווי שטענדיק שמעלצן אין גילדערנעם רעדל פון דער לעוואָנע אונדזער ווײַסע, גרויסע קאַץ, וואָס ליגט אויסגעצויגן באַם פּריפּעטשעק אַזוי פאַרטראַכטע און בייזע.

עפשער וועט איצט ראָמקע נאָכאמאָל דערציילן וויִאזוי ער איז אנטלאָפן פון טאבאָר?

הײַנט ניט, הײַנט איז ער ניט אופגעלייגט גאָרנישט ניט דערציילן. נעכטן, נעכטן ט׳ער אלץ אויסגעדערציילט. נעכטן האָט ער באוויזן וואָס ער קען.

ס׳איז געוואָרן פול דער באראק מיט היימלעכע טענער פון א הארמאָניע. ס׳האָבן זיך געהויבן די ברעטער פון פאָדלאָגע אונטער גרינגע טופען פון פלינקע ציגײַנערשע פיסלעך.

— האָליא! האָליא!
— איבער פעלדער און איבער וועלדער
האָפעט, האָפעט מארגאריטע
מיט די זעלנער.

עטלעכע שטימען האָבן האסטיק פארזונגען אזא מין מאָדנע לידל, הענט האָבן גענומען צופליעסקען און ס׳האָבן ניט אופגעהערט זיך וויגן אופגעלעבטע שטימען — האָפעט, האָפעט מארגאריטע.

און נאָך דעם האָט זיך אזוי געבענקט נאָך היימלעכע טענער פון הארמאָניע. און ס׳האָט זיך געכאָלעמט א פארגאנגענער פריילעכער טאנץ.

ס׳האָט געוויינט דער ציגײַנער ראָמקע, ליגנדיק צונויפגעקאָרטשעט אף זײַן בעטל, געוויינט, אזוי ווי מע וואָלט אים זײַן הערצל א צעראפע געטאָן. מיט א שווײַגנדיקער הארמאָשקע איז געזעסן ארום אים פעטרוס בוטשאן און נאָכאנאנד אים בארויִקט.

— ניט וויין, דרוזשע. כ׳האָב אויך אמאָל געוויינט, נאָר אז קיינער ט׳ניט געזען, געבענקט, אז קיינער ט׳ניט געהערט.

ער האָט זיך צו אים צוגעטוליעט ווי א דאָקטער באם אויסהערן א קראנק הארץ און עס האָבן זיך צונויפגעגאָסן די שאָטנס פון זייערע קעפ.

— ניט וויין, דרוזשע.

און ס׳האָט אלץ געשטעקט אין פענצטער דער גילדענער קויל פון לעוואָנע, און ערגעץ ווײַט, ווײַט האָבן געטרערט שטערן און אייניקוויַז געפאלן אין פוסטקײַט.

ס׳האָבן געסקריפעט בעטלעך אין געראמען באראק און פײַערלעך אפן פאטאלאָק האָבן גענומען צומאכן די אויגן.

פאמעלעך און שווער האָט גענומען אײַנשלאָפן א באראק.

* * *

די ערשטע באקומענע געלט פון זײַן פאלוטשקע האָט ער אזוי שטארק געהאלטן אין די הענט און זיך געצאפלט. בא אים זײַנען געווען פולע הויפנס מיט נײַע צענערלעך, זיי האָבן געריפעט אין זײַנע הויפנס און ער האָט ניט געוווּסט וווהין זיך מיט זיי אהינטאָן. אָט שטופט ער זיי ארײַן אין איין קעשענע און אָט אין דער צווייטער און פון די הויפנס לאָזט ער זיי ניט ארויס.

— מאָרגן, — האָט ער אזוי אופגעלעבט א זאָג געטאָן און די אויגן זײַנען שיר ניט ארויסגעשפרונגען פון דער געדיכטער שווארצעניש פון די ברעמען — מאָרגן ט׳זי מיר ניט דערקענען, אזהו, מאָרגן...

מיר האָבן בא אים ניט געוואָלט זיך דערפרעגן — וואָס פארא מאָרגן — ער־

האָט דערמאָנט עפּעס א נאָמענ פונ א מיידל, אנ אומבאקאנטער נאָמענ פונ א יונגער ציגײַנערטע. די מיידל מוז זײַנ ערגעצ ווײַט. די געלט האלט ער אזוי אָפּנ, ווי וועלנ זיך אויספּײַנענ פאר איר. אלע ווײַלע טוט ער זיך צו פּעטרוסנ א שטויס אונ לייגט אים פאָר — צייל, בראטאָק.

פּעטרוס ציילט אזוי געלאסנ די געלט זײַנע, ער פינקלט, פינקלט אזוי מיט די ווארעמע אויגנ אונ די געלבלעכע קאָפּ וויגט זיך אום. אפ די פינגער באווײַזט ער ראָמקענ ווי מענ באווײַזט א שטומנ, — אָט אזויפיל אונ אזויפיל, דרוזשע.

ראָמקע שפּרינגט אָפּ אָנ א זײַט א פארלאָרענער אזא אונ ער ווייס נאָך אלצ ניט אינ וואָסער קעשענע ארײַנשטופּנ דעמ הויפנ געלט. אָט איז ער נאָענט ארומ אונדז, אונ אָט דערווײַטערט ער זיך. פּעטרוס זאָגט מיר אפּנ אויער:

— כאָטיא ער זאָל ניט מאכנ די דראלע.

מיר גייענ אימ נאָך. מיר שפּאנענ אינדרײַענ איבער שטאָטישע גאסנ, עס האָבנ דערברענט לעצטע טאָגיקע פײַערנ אינ ברוינע שויבנס פונ מויערס. גינגאָלד פונ זונ האָט זיך נאָך דערשמאָלצנ אפ שטאָטישע דעכער אונ געלייגט זיך ווי בלוטיקע פליאַמעס. עס האָט געשוועבט א פײַערלעכקײַט אזא אינ ליבנ זומערדיקנ זונ־פארגאנג. ס'פארגייט א טאָג אונ עס גייט אופּעט אנ אָוונט. דער אָוונט פארמאָגט זײַנ אייגענע זונ. זי שײַנט פאר אונדז גלײַך ווי פאר אלעמענ. אינ הונדערטער נאָרוואָס אָנגעצונדענע לעמפּלעך וויגט זיך די שײַנ פונ דער אָוונטדיקער זונ.

ווי דרײַ גרויסע טראָפּנס מישנ מיר זיך אויס אינ כוואליעס פונ שטאָטישע גאסנ. ארומ יעדער וויטרינע שטעלנ מיר זיך אָפּ, ראָמקע טוט אזש א צאפּל.

— קארעלנ. אָט קארעלנ וואָלט ער געקויפט.

עס ברענט זײַנ קאָפּ אינ שײַנ פונ וויטרינע, עס רינענ אזש אויס די אויגנ פונ צופיל שײַנ אונ לאנגע שנירלעך קארעלנ ציִענ אימ צו ווי מאגניט.

— קארעלנ — גיט ער נאָכאמאָל א צאפּל אונ שיר, שיר וואָס ער צעשפּארט ניט מיטנ קאָפּ דאָס באשײַנטע גלאָז פונ וויטרינע.

— פאר א מיידל?—טוט פּעטרוס צו אימ א ווונק—פאר א ליובאָווניצע קארעלנ?

— צוגעזאָגט... אוהו — טוט ראָמקע אנ ענטפער אונ שפּרינגט אָפּ ווי מיט אנ אָנגעצונדענעמ קאָפּ פונעמ בלענדנדיקנ גלאָז. — עהע, צוגעזאָגט... א מיידל... אוכ...

מיר שפּאנענ אינ איינ פלייס. מיר נעמענ זיך פאר די הענט, קעדיי זיך ניט פארלירנ אינ געדיכטעניש פונ מענטשנ. מיר זעענ אויס אזוינע קליינע אנטקעגנ אזא גרויסער שטאָט. ווער באמערקט אונדז? דאכט זיך אלע קוקנ אפ אונדז, מיר מוזנ זיך ווארפנ אלעמענ אינ די אויגנ, אזוינע דרײַ פארשוינענ, זעט סארא גענגעלע בא אונדז איז. אלע דרײַ ווי ווײַסע פויגלענ שוועבנ מיר איבער שטאָטישע גאסנ, עס שורשעט דער הארטער ברעזענט אפ אונדז, עס גייט פונ אונדז א ווײַסער רויכל. אָנ פּעטרושעס א קנעפּל האָט זיך א טיכל פונ א מיידל פארטשעפּעט.

— אנטשולדיקט — האָט ער זיך א נויג געטאָנ אזוי איידל אונ אפּגיכ גענומענ אויספּלאָנטערנ די פארטשעפּעטע טיכל פונ זײַנ קנעפּל. זײַנע גרויע ווארעמע אויגנ האָבנ געברענט אונ די געלבלעכע קאָפּ האָט אזוי וווּליונגעריש געשמייכלט. די מיידל פונ דער פארטשעפּעטער טיכל האָט ווי דערשלונגענ מיט קעצישע אויג-

לעכ זײַנעם א האסקאָמע־בליק און אוועק ניט באמערקנדיק, אז זי האָט זיכ אָנ אים אויסגעריבנ אינ קאלכ.

— אנטשולדיקט — האָבנ מיר אלע דרײַענ א זאָג געטאָנ און געשפּאנט ווײַטער.

מיר האָבנ געקויפט א היטל מיט פראניקעס, אפנ שטאָטישנ סקווער האָבנ מיר זיכ אויסגעזעצט ווי די גרעפער און גענומענ פראווענ דעם מאָלצײַט. אויסערגעוויינלעכ זײַנענ געווענ זיס די פראניקעס, (פראניקעס פונ דער אייגענער האָרעוואניע). בא ראָמקענ פונ מויל איז געגאנגענ אזא מינ זילבערנער רויכל, ער ווארפט אזוי ספריטנע די זיסע פלעצלעכ אינ מויל און די אויגנ פונ זיסקײַט אזש הויבנ אָנ טרערנ.

— געשמאק? — טוט פעטרוס אימ א פרעג, ארײַנווארפנדיק א פלעצעלע אינ מויל.

— אוהו — ענטפערט ער און פארכמורעט זיכ.

— וואָס קאָנ נאָכ זײַנ זיסער פונ פראניקעס פונ אייגענער האָרעוואניע — טו איכ א זאָג, דערפילנדיק דעם זיסנ טאמ אפנ גומענ.

פראניקעס פונ אייגענער האָרעוואניע — כאזערט פעטרוס איבער מײַנע ווערטער און שטופט ארײַנ נאָכ א פלעצעלע אינ ווארעמנ מויל.

— ס'איז זיס, בראטעס — טוט א טשמאָקע ראָמקע מיט פײַכטע ליפנ און די באקנ ווערנ פולע און גרויסע ווי אָנגעשוואָלענע — געשמאק, אוהו.

אינ זײַנ האנט האָט געשטעקט א פראניק ווי א שטיקל זילבער. און באלד האָט זיכ דער שטיקל זילבער צעשמאָלצנ אינ זײַנ אָפענער ווארעמער אויוועלע.

זײַנע אויגנ זײַנענ איצט געווענ אזוינע ווײַטע און פארטראכטע, און ס'האָט געדאכט, אז זיי פארציִענ זיכ ווײַטער מיט בענקענדיקע הײַטלעכ. ער האָט געקוקט אפ די אלטע בוימער פונ סקווער און צוגעוויגט זיכ. ס'איז ארויסגעפאלנ א פראניק פונ זײַנ האנט, א טרוקענע צווײַגל האָט זיכ פונדערהויכ אָפגעבראָכנ און געפאלנ בא זײַנע פיס. און ער האָט געוויגט מיט די פיס און פארטראכט געשוויגנ מיט א פולנ מויל. אונדז האָט זיכ געדאכט, אז ער שוועבט איצט ווידער אינ א באזונדער וועלטל, א וועלטל וואָס איז ווײַט פונ אונדז און אומפארשטענדלעכ. איכ האָב זיכ איצט דערמאָנט: — מיט יאָרנ צוריק בינ איכ מיט פעטרוסנ אויכ געזעסנ אפ דעם זעלבנ אָרט אינ סקווער און אונדזערע הערצער זײַנענ געווענ ערגעצ ווײַט־ווײַט. מיר האָבנ געבענקט א היימ, געבענקט ביז טרערנ. איינמאָל, נאָר איינמאָל האָב איכ געזענ ווי פעטרוס האָט געוויינט. אפ זײַנ היימישער דערוהע איז ער געלעגנ און שטיל געכליפעט. אימ איז דאנ געווענ 16 יאָר, ער איז געווענ אזא דארינקער און פארכמורעטער. ער פלעגט אָפט ריידנ פונ שלאָפ — גענדז, סטאדעס מיט גענדז פלעגט ער אינ שלאָפ טרײַבנ, טרײַבנ, — אהיליא! אהיליא! פלעגט ער שרײַענ. איכ האָב די בענקשאפט מײַנע געשטיקט אינ הארצנ, קיינער האָט ניט געוווסט, אז איכ בענק. פונ טאָג צו טאָג האָב איכ געפילט ווי איכ פארמויער צו ביסלעכ די אומנוצלעכע בענקשאפט, איכ האָב געפילט ווי עס וועבט זיכ אויס פונ הארצנ דאָס בענקענדיקע קוועלכל.

— אומעטום איז אונדזער היים, אומעטום אונדזער ערד. — די בענקענדיקע פייגלען זײַנען פאמעלעך אָפגעפליגן פונ אונדז.

מיר האָבן געקוקט איצט אפ אונדזער לײַבלעכן ציגײַנער און ניט ווילנדיק דערמאָנט זיך אָן יענע בענקענדיקע טעג... ווי מיט די הענט האָבן מיר זיי אָפגעשטויסן פונ זיך.

— ראָמקע, אָ, ראָמקע,—האָט פעטרוס גענומען צושטיינ צום בענקענדיקן ציגײַנער,— רייד, דרוזשע, דערצייל עפעס, א ניט קום, מיר וועלן דיר פירן אָן אהינ, וועס ס'איז דאָרט ליכטיק, כאָטש קלײַב פערל אינ די הויפנס. ס'האָט געשפראָצט מיט גינגאָלר אנטקעגן אונדז די אופגעהעלטע שטאָט, עס זײַנען אונדז ווי אנטקעגן געגאנגען גרויסע פריילעכע פײַערן פונ לעבן.

— ראָמקע! אָ, ראָמקע! — האָט פעטרוס אים געוואָרעמט מיט זײַן קאָל און געצויגן פארן ארבל — קום... — אָן דאָרט... דרוזשע.

אינ איינעם פונ יענע אָוונטן האָבן מיר פארלאָרן אונדזער כאַווער אפ איינער פונ די שטאָטישע גאסן. מיר האָבן אים געזוכט ווי אן אייצער צווישן א שטאָט מיט מענטשן, געזוכט, געזוכט און ניט געקאָנט געפינען.

ס'איז דעמאָלט געווען פריִער אָוונט. מיר האָבן זיך געקליבן אלע דרײַען גיינ אינ קינאָ.

* * *

די לעוואָנע האָט באשײַנט א פוסטע בעטל אינ באראק. סע גייט דורכ א וואָכ, סע גייט דורכ צוויי און ראָמקע איז נאָכ אלץ ניטאָ. אלע אָוונט קאָכן מיר אָפ דעם זעלבן טאָפ מיט הירזשענע קאשע. און עסנדיק דערמאָנען מיר זיך, אז עס פעלט א דריטער, זײַן כײלעק וועלן מיר איבערלאָזן. זײַן כײלעק וועט זײַן גאנצ. פונעם בעטל וועלן מיר אים ניט אויסמעקן. סימאָנים פונ ארבעט ליגן פארבאקט שוינ אפ זײַנע יונגע הענט.

אלע אָוונט נעמט זיך פעטרוס פאר דער הארמאָניע, און ניט ווילנדיק רײַסט זיך בא אים ארויס — עכ, ניטאָ דעם טענצער, ראָמקע ניטאָ, שפיל הײַנט, שפיל מאָרגן, ניטאָ...

נעכטן בא דער ארבעט האָט ער געטראָפן די הילצערנע קאָלע, מיט וועלכע ראָמקע פלעגט אונדז ציגל דערלאנגען, ער האָט באטראכט דאָס שטיקל האָלצ ווי א מינ טײַערע זאכ און געזאָגט:

— ניט איינ טויזנטער ציגל האָט ער מיט איר איבערגעשלעפט. אָט זע, אזש א הענטל אָפגעבראָכן.

אינ א ווינקל איז זי געלעגן די הילצערנע קאָלע, געלעגן מיט אן אָפגעבראָכענער האנט און דאכט זיך געבענקט.

פעטרוס פלעגט גאנצ אָפט מיטן פוס א ריר טאָן דעם שטיקל האָלצ און זאָגן— אנטלאָפן די פויגל, ניטאָ, זיך פארבענקט נאָכן אלטן נעסט, ער ט'קומען... פראנקעס פונ דער אייגענער פראצע שוינ פארזוכט...

אינ א צעבראָכענער פאס זײַנען געלעגן פארשטעקט א פאָר צעריסענע הויזן, די הויזן פונעם ציגײַנער ראָמקע.

* * *

אווגוסט האָט זיכ שוינ אָנגעהויבנ אויסלעשנ אינ די הימלענ, אווגוסט האָט גע־נומענ אנטלויפנ פונ דער ערד. אָט באלד, באלד האָבנ מיר יאָנטעוו, צום צווישנ־פעלקערלעכנ יוגנט-טאָג איז גאָר ניט ווײַט. אָט באלד, באלד וועט זײַנ אונדזער יאָנטעוו.

מיר וועלנ אינ דעמ טאָג פארפלייצנ מיט אונדזער יוגנט גאסנ אונ פלעצער. די גאנצע שטאָט וועט זײַנ אונדזערע.

ס'האָט נאָכ אזוי גוט געוואָרעמט די זונ אינ יענע טעג, אָט ווי א פײַערדיקע קעפקעלע ליגט זי אונדז א גאנצע טאָג אפנ קאָפּ, מיר פילנ זי אפנ פלייצע ווי א טײַערע זאכ.

פארוואָס ווערט אונדז ניט מיִעס די זונ?

פעטרוסעס געלבלעכע קאָפּ זעט אויס אנטקעגנ ווי א שטיקל זאפרענ. פעטרוס בוטשאנ אזא הויכער גוטער יאט, זײַנ פולנ פּאָנעמ מיט די שפּרינקעלעכ וועל איכ קיינמאָל ניט פארגעסנ, ער פארמאָגט אזוינע פלינקע הענט, ער שפּילט אזוי האר־ציק אפ דער הארמאָניע, זײַנע טיפע גרויע אויגנ פארמאָגנ אזויפיל כיינ. אלע טאָג פרעגט ער בא מיר — ווי זע איכ, דרוזשע, אויס ווענ איכ פארמאכ די אויגנ?

ער האָט ליב געהאט אמאָל שטעלנ אזוינע אומגעלומפּערטע פראגעס, דערבײַ פלעגט ער שמייכלענ אזוי ווי א קינד אונ באלעקנ זיכ.

— אינ איינ טאָג זײַנענ מיר אָנגעקומענ אינ שטאָט. מיר האָבנ צוזאמענ גענע־דיקט דעמ „ציט" אונ איינע אונ די זעלבע ראזוריאדנ פונ מוליארעס האָבנ מיר באקומענ.

— אינ איינ טאָג, ווי עס ווײַזט אויס, וועלנ מיר כאסענע האָבנ אונ אינ איינ טאָג אינ דער רויטער ארמײ גיינ—ט'ער ער מיר אינ איינעמ פונ יענע טעג א זאָג געטאָנ אזוי פארטראכט אונ אזש אָנגעקוואָלנ פונ זײַנע אייגענע רייד — דער מאזל, דרוזשע, איז בא אונדז איינער אונ דער זעלבער.

ער האָט אָפּט ליב געהאט דערמאָנענ דעמ וואָרט מאזל, ער פלעגט ריידנ וועגנ דעמ, ווי וועגנ א זאכ וואָס מענ עסט דאָס מיט ברויט.

— מאזל, כא כא כא, א געשמאַקע זאכ.

ער האָט געהאט א געוווינהײַט, זיכ אמאָל אוועקזעצנ אינ א ווינקל אונ שווײַגנ. רייד צו אימ, שטויסט אימ אינ זײַט — פעטרוס, אָ, פעטרוס — אונ ער טוט אפילע קיינ פּיפּס ניט, נאָר מיטנ נעזל פּירקעט ער אונ קוקט אזוי אָנגעשטרענגט מיט די גרויע אויגלעכ, קוקט אונ שמייכלט צו.

אפ מאָרגנ דערמאָנט ער זיכ אונ טוט א פרעג — וואָסטו מיר נעכטנ געוואָלט זאָגנ? מיינסט איכ האָב פארגעסנ.

באדערנאכט פלעגט ער זיכ א מאָל א כאפּ טאָנ פונ שלאָף אונ טאָנ מיכ א וועק.

— דו שלאָפסט?

— איכ שלאָף.

— זיכ גאָרנישט געכאָלעמט?

— גאָרנישט.

— גוט, טאָ שלאָפ.

ראָמקען פלעגט ער וועקן אלע ווײַלע. עפשער צען מאָל אפ דער נאכט פלעגט ער אים וועקן.

— דו שלאָפסט. זיך גאָרנישט געכאָלעמט? נו, טאָ שלאָפ.

די לעצטע צײַט האָט ער פארגעסן, אז די בעטל איז פוסט און פון געוווינהײַט פלעגט ער א וועקטאָן די פוסטע בעטל:

— דו שלאָפסט?

* * *

אין איינער א נאכט האָט עמיצער די טיר פון באראק אופגעריסן און א פריי־שער ווינטל האָט א שפיל געטאָן צווישן ווענט און אָפגעפרישט פארשלאָפענע קעפ. ס'איז געווען א נאכט אָן א לעוואָנע, א שטערן האָט מען מיט ליכט אין הימל גע־דארפט זוכן.

אין דער נאכט האָט מיר פעטרוס ניט געוועקט, ער האָט ניט געפרעגט: — דו שלאָפסט? ער איז געלעגן א שווערער ווי א שטיין און געכראָפעט.

ער האָט ניט געפילט ווי אין שלאָף האָט זיך עמיצער צו אים צוגעטוליעט, ארומ־גענומען אים און באָטעמט זײַן שלאָפעדיקן פּאָנעם. פארטאָג האָט ער זיך געכאפט, אז עס שלאָפט נעבן אים ראָמקע מיט אן אָפענעם מויל, ראָמקע דער ציגײַנער אָטעמט אזוי שווער און צופרידן. ער האָט זיך געכאפט: א צאָן אין מויל פעלט בא ראָמקען. בא אים זײַנען געווען גאנצע ציינער. אָט פון פאָרנט פעלט א צאָן. אויך אין דער אנטקעגנדיקער בעטל איז געווען פול. עס האָבן אראָפגעהאנגען אפ אראָפ צוויי לאנגע שווארצע צעפ, א בײַטש קארעלן האָט זיך אראָפגעגליטשט פון אן אָפענער שווארצער האלדז פון א יונגער ציגײַנערטע. פול מיט מילך איז געווען אן אָפענער הייסער מויל. זאָרג־קנייטשעלעך האָבן געשפילט אפ דער אָפגעברענטער הײַטל פון א יונגן רייצנדיקן פּאָנעם און פון דער פאנאנדערגעשפילעטער גרינער קאָפטע האָבן ווי צוויי יונגע לעבעדיקע פויגלען ארויסגעקוקט מיט צאפל.

מיר האָבן ווידער אין יענעם פרימאָרגן געשפאנט צו דער ארבעט די זעלבע דרײַ נאָענטע ווארעמע לײַבלעכע ברידער, די זעלבע דרײַ פארקאלכטע ברעזענטענע קאָסטיומען. הינטער אונדז איז נאָכגעגאנגען מיט ניט זיכערע טריט די עטוואָס פאר־לאָרענע ציגײַנערטע. נאָכגעגאנגען, ווי געציילט אונדזערע טריט.

מארע ט'מען זי גערופן אָט די ציגײַנערטע. זי איז אונדז נאָך דעם נאָענט און טײַער געוואָרן ווי א לײַבלעכע שוועסטער. מיט אונדז צוזאמען אפ שטאגעס געקלעטערט, צוזאמען געהויבן זיך אין הימל מיט שטארקע ציגלענע ווענט.

צום יאָנטעוו, צום צווישנפעלקערלעכן יוגנט־טאָג האָט זי אונדז אלע דרײַען אויסגעוואשן די העמדלעך.

ד. האָפּשטיין

# לידער

## מאַרקס—ענגעלס

אָט די פֿרײַנטשאַפֿט די צעגליטע
פֿון צוויי מעכטיקע געמיטער,
זי דערמונטערט, זי באַוווּנדערט
זי דערהויבט און זי באַצויבערט.
ס'ווילט זיך ליבן, ס'ווילט זיך בענטשן
אָט די פֿרײַנטשאַפֿט, אָט די ליבע,
ס'ווילט זיך פֿאַלן אַף די קני̇ען
פֿאַר דער גרויסקייט פֿון דעם מענטשן,
פֿאַר זײַן ליכטיקער נעווי̇עס
פֿאַר זײַן שטרעבן, פֿאַר זײַן ליבן.

## באַגײַסטערונג

אומעטום, אומעטום אין מײַן היים, אין מײַן וווּנדערלעך לאַנד,
האָב איך דיך ניט געזוכט, דו ביסט שטענדיק געקומען אַליין,
זיך געלייגט, ווי א גרוס, אַף דעם אויסשטרעק פֿון פֿרײַנטלעכער האַנט,
אַף דעם גומען געקומען — א פּרוכט אַף צעעפֿנטע ציין.
און דערפֿאַר, גלויב איך טיף, איז צעגאָסן באַהאַלטענער כיין
אַף אַל דעם, וואָס געבוירן האָט אונדזער געפּרוּווטער פֿאַרבאַנד,
און פֿאַרבאָרגן אין וואָרט מײַנעם טלי̇עס א פֿײַער און פֿלאַמט
וואָס צו הערצער צו אַלע געוויס מיט דער צײַט וועט דערגיין.

מיט דער צײַט! ווײַל ניט פֿויגל־געזאַנג איז מײַן וואָרט און מײַן ליד!
מיט דער צײַט! ווײַל כ'בין ניט אין א זײַט, ווײַל איך שטיי אין דער מיט
און וואָס ווידערשפּרוכט הײַנט, איז שוין גאַנץ אין דעם דיכטערס געמיט!

## די זון איז אין א טראָפּן וואסער

אָט איז. זי די ליכטיקע רעגע,
די רעגע פון דיכטונג, פון דענקען,
וועןביידע זיי דארפן ניט פרעגן,
ווען ביידע נאָר ענטפערס זיך שענקען.

זיי ביידע — דאָס הארץ און דער זינען
אין איינקלאנג זיי זייַנען — צוזאמען,
ווי אָט אָ די טראָפּנס — רובינען,
וווּ זוניקע ברעקעלעך פלאמען.

ווי אָט אָ דער טוי — די רובינען,
וווּ זוניקע ברעקעלעך פלאמען
ווען טראָפּנס זיך קאָנען פארגינען:
ווען וואסער און פייַער צוזאמען.

ווען טראָפּנס זיך קאָנען פארגינען
און קייַלעכיק זייַנען, ווי יאמען,
אָ, טוי, ווען דאָס הארץ און דער זינען
אין איינקלאנג זיי זייַנען — צוזאמען.

---

ס. ילעלטשוק

# די ליד וועגן ברויט

אַ מיטניסטן שטיקל ברויט
מיט אפעטיט איך האָב געגעסן.
ניט ווײַלע מיט וואָס באשמירן
אקוראט איז ניט געווען,

ניט ווײַל ס'האָט געפעלט געקעכץ,
אָדער פון אנדערע עסן־זאכן,
איך האָב געקאָנט דעם ברויט צעבראָקן
און אין מילך פאטאפצעס מאכן.

כ'האָב געקאָנט דעם ברויט באשמירן
מיט א גראָבן פלאסט פון פוטער,
כ'האָב געקאָנט פארפרעגלען סאלע,
כ'האָב געקאָנט, עפשער ביכלאל
הײַנט אופעסן א שטיקל כאלע.

כ'האָב געקאָנט א שטרודל נעמען
צי א לאטקע גאָר מיט גריבן,
אלנפאלס, אויך פון א קאשע
הונגעריק כ'וואָלט ניט געבליבן.

נאָר מיט ניסט א שטיקל ברויט
האָב איך מיט אפעטיט געקײַט,
טאקע פּאָשעט נאָר פון ווילטעק,
ווי עס רופט זיך אָן בא לײַט.

קײַ איך, און איך הער זיך צו
צו דעם טאם, וואָס אפ דער צונג.
דוכט מיר, ס'איז דער גאנצער לעבן
אין דעם טאם ארײַנגעגעבן.

אפגעוויס,
אין אָט דעם זויערלעכן טאַם
איך פיל אַ ברייטן קאָרן־יאַם —
אַ פעלד אַ זעטיקע און זיסע.
אין אָט דעם געשמאַקן ביסן,
וואָס דעם גומען האָט באַקלעפּט,
געמישט מיט זון־ברוינקייט און שווייס,
מיט ליבע־פעדים דורכגעוועבט,
אָטעמען אַליין די שניטער,
פאַרקנאָטן איז אַליין די מי.

איך זע דעם בלאַנק פון פלינקע מעסערס,
איך הער דעם רודער באַ דעם דרעשן,
איך הער דעם רויש פון שווערע שטיינער
אפן באַרג אין גרויען מיל.

איך זע דעם בעקער באַ דעם אויוון
מיט פאַרמעלטע הענט און פיס,
איך זע אַליין דעם לעבל ברויט
פּאַשעט ליגן אפן טיש.

אפן טיש פון אַלע דוירעס,
ווי אַ קאָרענער ערד־באַגלייטער,
ליגט ער קײַלעכדיק, פאַרבאַקט,
צי אויסגעבאַקן, ווי אַ לייטער.

דורך מאָלצייטן פון אַלע צײַטן
אזא מין נייטיקער ער גייט,
און ווו ער פעלט, דאַרט אים פאַרבײַטן
דאַרע ריפּן אין די זײַטן,
הענט, אויסגעצויגענע נאָך ברויט;

מילכאָמע בליט מיט אויגן־לעכער,
מיט שוואַרצער שרעק מיט ווילדן טאַנץ...
אָט זע איך פאַרטיזאַנער ברעכן
אַ לעבל ברויט אפ גאָרגלען צוואַנציק...

אין פּולווער־רויך פאַרדעקט די וועלט,
פון הונגער טריקנט אויס דער יאַם...

דערפאר איז טײַער און געפעלט
פון ברויט מיט־גיסטן מיר דער טאם.

איך בין איצטער אי יונג, אי זאט
און ערשט געהאט א רײַכן שניט,
און ערשט פארזייט נאָך מערער ברויט,
און איך זינג פון זעטיקײַט א ליד.

א. פיאטיגאָרסקע

# באַלאַדע וועגן לעבן

1

ערעוו פרילינגדיק דעמלט די לופט איז געווען,
כאָטש שניי אַפ דער ערד איז געלעגן,
דורכן ווינטער דעם פרילינג געקאָנט האָט מען זען
אינ הימל, אַפ גאַסן און וועגן.
כאָטש שניי אַפ דער ערד איז געלעגן,

ס'האָט אהיים נאָכ דער ארבעט דער אוילעם געאיילט,
בלייַ פונ מידקייט געטראָגן אינ גלידער,
נאָר די זונ האָט געמונטערט מיט גאָלדענע פייַלן
און געמאַכט האָט פאַרגעסן די מידקייט,
אהיים נאָכ דער ארבעט האָט יעדער געאיילט.

צווישן אַנדערע פול איז געגאַנגען א פרוי
פונ געוויינלעכן וווקס אינ די מיטעלע יאָרן,
ס'איז דער גאַנצער אַרום ליב געווען איר אזוי,
ניט באַמערקט — און געטומען די טריט האָט זי שפּאָרן.
צווישן אַנדערע פול איז געגאַנגען א פרוי.

ס'איז אַן עלטערער פויער געשטאַנען אינ גאַס,
בינטלעכ בליִענדע ווערבע אינ האַנט האָט געהאַלטן,
ס'האָט דער סאַמעט פונ זייערע בלומען געפּאַסט
צום בלוי פונ דעם הימל, צו לופט צו דער קאַלטער,
אַפּן ראָג איז געשטאַנען א פויער אינ גאַס.

ס'האָט די פרוי פאַר א רובל א בינטל געקויפט,
א פאַפּירענעם רובל אַפּ בלומען פאַרביטן,
און געבראַכט דעם גערוכ פונ דעם פרילינג אינ הויף
און באַם שטייַגן אַפּ טרעפּ האָט זי אַלץ נאָכ פאַרהיט אים.
ס'האָט די פרוי פאַר א רובל א בינטל געקויפט.

אפ די גאסנ איז לאנג נאָכ געלעגנ דער שניי,
און אינ צימער אינ וואסער די צווײַגנ צעבליטע.
טוט פונ שנייִקער גאס ווײַסער ווינטער א ווייע,
און אינ צימער — די בלומענ אינ פרייִקער בליִונג.
אפ די גאסנ איז לאנג נאָכ געלעגנ דער שניי.

2

בא דער פרוי אינדערהיימ האָט איר פאָטער געלעבט,
ס'האָט דער אלטער אינ רו זײַנע טעג איצט געצויגנ,
זיכ צום לעבנ מיט קויכעס מיט לעצטע געקלעפט.
נאָר געזוענ האָט דאָס לעבנ מיט אָפענע אויגנ,
אינדערהײַמ בא דער פרוי האָט דער פאָטער געלעבט.

ס'איז אימ שווער שוינ געווענ פונ זײַנ צימער ארויס,
האָבנ ווענט פונעמ צימער די וועלט אימ פארביטנ
ליב איז אימ, וואָס דאָס לעבנ ארומ אזוי ברויזט,
ליב איז אימ, וואָס עס שפראָצנ אפ צווײַגנ די בליטנ,
ס'איז אימ שווער שוינ געווענ פונ זײַנ צימער ארויס.

ס'איז זײַנ לעבנ דאָס גאנצע אינ ארבעט אוועק.
און זײַנ טרוימ איז געווענ בא דער ארבעט צו שטארבנ,
נאָר געקומענ איז פרי צו זײַנ גוורע אנ עק,
איז פונ שמערצנ פונ שווערע זײַנ שטערנ אינ קארבנ,
ס'איז זײַנ לעבנ דאָס גאנצע אינ ארבעט אוועק.

נאָר אָט הענגענ די בליטנ אפ צווײַגנ שוינ מאט,
אײַנגעשרומפנ זיי פאלנ אראָפ אפ די ברעטער,
און זײַנ טאָכטער אינ מיסטקאָרב די צווײַגנ באשטאט,
ווײַל זיי קאָנענ ניט מער שוינ דאָס אויג אירס א גלעט טאָנ,
און עס הענגענ די בליטנ אפ צווײַגנ שוינ מאט.

דעם אלטנ פארדריסט: „איז נאָר בליִונג־וועלט א וועלט?“
נעמט ארויס ער די צווײַגנ פונ מיסטקאָרב פונ ענגנ,
פרישט זיי אָפ, גלײַכט זיי אויס און אינ וואסער זיי שטעלט:
כאָטש ניט שיינ, נאָר קיינ זאפט זיי אפ זיכער ניט פעלט.
דעם אלטנ פארדריסט: „איז נאָר בליִונג א וועלט?“.

און אוועק איז א וואָכ און אוועק זײַנענ צוויי,
און די נאקעטע שטענגלעכ שוינ וואָרצלענ פארמאָגנ

אונ עס פילט זיכ, ס׳איז שטארק נאָכ דאָס לעבנ אינ זיי,
אונ גרינינקע בלעטער די צווײַגנ שוינ טראָגנ.
אונ אוועק איז א וואָכ, אונ אוועק זײַנעג צוויי.

בא דעמ אלטנ דאָס הארצ איבערפולט ווערט מיט פרייד,
ווענ די שלענגעלעכ־וואָרצלענ די ערשטע זיכ ווײַזנ.
אפ די וועגנ פונ לעבנ וויפל בייטנ פארזייט,
וויפל סעדער געפלאנצט, וויפל זוימענ פארגרייט!
אונ זײַנ הארצ, ווי אמאָל, ווערט פארוואָרצלט אינ פרייד.

---

# די לעניניש-סטאלינישע נאציִאָנאלע פּאָליטיק

איינס פונ די וויכטיקסטע ערטער אינ דער טעאָריע פונ מארקסיזמ-לענינیזמ פארנעמט די נאציאָנאלע פראגע. מארקס אונ ענגעלס, לענינ אונ סטאלינ שענקענ אינ זייערע ווערק א גרויסע אופמערקזאמקייט דער נאציאָנאלער פראגע.

די באָלשעוויסטישע פארטיי האָט פונ אָנהייב אָנ פונ איר עקזיסטענצ געפירט א קאמפ פאר פארניכטנ דעמ נאציאָנאלנ יאָכ, פאר עכטער פרייהייט פונ אלע נאציעס, פאר עכטנ אינטערנאציאָנאליזמ.

מיט זיבנ אונ צוואנציק יאָר צוריק, אינ 1913 יאָר, ווענ ס'האָט זיכ מיט א באזונדער שארפקייט געשטעלט די נאציאָנאלע פראגע, האָבנ לענינ אונ סטאלינ פאנאנדערגעוויקלט אנ אומקאָמפּראָמיסלעכנ קאמפ פאר דער באָלשעוויסטישער פראָגראמ פונ דער נאציאָנאלער פראגע, פאר דער איינהייט פונ די פראָלעטאריער פונ אלע נאציאָנאליטעטנ.

דאָס איז געווענ א פעריאָד פונ פרינציפיעלנ קאמפ אינ דער ארבעטער־באוועגונג בנעגייע דער נאציאָנאלער פראגע. די זעלבסטהערשונג האָט אכזאָריעסדיק געשטיקט די נאציאָנאלע באוועגונג. עס האָבנ זיכ פארשטארקט די רעדיפעס אפ דער נאציאָנאלער קולטור, אפ דער מוטער־שפראכ פונ די אוקראיִנער, ווייסרוסנ אונ פונ אנדערע פעלקערשאפטנ פונ צארישנ רוסלאנד, עס האָט זיכ פארשטארקט די העצע קעגנ די ייִדנ. אנ אָפנ־פיינטלעכע פּאָזיציע קעגנ די אונטערדריקטע נאציאָנאליטעטנ האָט פארנומענ אויכ די רוסישע ליבעראלע בורזשואזיע. פונ דער צווייטער זייט, האָט זיכ צווישנ די אונטערדריקטע נאציאָנאליטעטנ פארשטארקט דער בורזשואזער נאציאָנאליזמ. וועגנ דעמ דאָזיקנ פעריאָד האָט דער כאווער סטאלינ געשריבנ:

„...די כוואליע פונ קריגערישנ נאציאָנאליזמ, וועלכע האָט זיכ אופגעהויבנ פונ אויבנ, א גאנצע ריי רעפרעסיעס מיצאד די „מאכטהאָבער", וועלכע זיינענ זיכ נוקעמ אָנ די ראנד־געגנטנ פאר זייער „פרייהייט-ליבע", — האָבנ ארויסגערופנ א קעגנ־כוואליע פונ נאציאָנאליזמ פונ אונטנ, וועלכער גייט צייטנווייז אריבער אינ גראָבנ שאָוויניזמ" *).

די בורזשואזע נאציאָנאליסטנ האָבנ געפרײדיקט „הארמאָניע", איינהייט פונ די אינטערעסנ פונ דער בורזשואזיע מיט די ארבעטנדיקע מאסנ פונ איינ נאציאָנאליטעט.

*) י. סטאלינ „דער מארקסיזמ אונ די נאציאָנאל־קאָלאָניאלע פראגע, ז. 3.

זיי האָבנ אָפּגעלייקנט דעמ קלאַסנ־קאַמפּ צווישנ די קאַפּיטאַליסטנ אונ די אַרבעטער
אינ איינער אונ דער זעלבער נאַציאָנאַליטעט, אַרײַנטראָגנדיק צוזאַמענ דערמיט קענג־
זײַטיקנ אומצוטרוי אונ אָפּגעזונדערטקײַט אינ דער סוויווע פונ די אַרבעטער פונ
פאַרשיידענע נאַציאָנאַליטעטנ, אַרונטעררײַסנדיק זייער קלאַסנ־איינהײַט.

„די כוואַליע פונ נאַציאָנאַליזמ, — האָט געשריבנ דער כאַווער סטאַלינ, — האָט
זיכ אָנגערוקט אַלץ שטאַרקער, דראָענדיק צו פאַרכאַפּנ די אַרבעטער־מאַסנ“.

אינ אַזאַ אומגעבונג אַרבעטנ פאַנאַנדער לענינ אונ סטאַלינ, אָנשפּאַרנדיק זיכ אָפּ
די גרונט־אידייענ, וועלכע עס האָבנ געגעבנ מאַרקס אונ ענגעלס איבער דער נאַ־
ציאָנאַל־קאָלאָניאַלער פראַגע, די יעסוידעס פונ דער באָלשעוויסטישער נאַציאָנאַלער
פּאָליטיק.

לענינ אונ סטאַלינ האָבנ פאַנאַנדערגעאַרבעט די נאַציאָנאַלע פראַגע, ווי אַ טייל
פונ דער אַלגעמיינער פראַגע וועגנ דער דיקטאַטור פונ פּראָלעטאַריאַט, באַטראַכטנ־
דיק די אַרבעטנדיקע מאַסנ פונ די אונטערדריקטע אונ פאַרשקלאַפטע נאַציאָנאַליטעטנ
אַלס רעזערוו אונ פאַרבינדעטנ פונעמ פּראָלעטאַריאַט אינ דער סאָציאַליסטישער רע־
וואָלוציע. זיי האָבנ פאַנאַנדערגעאַרבעט אַ האַרמאָנישע סיסטעמ פונ אָנשוייונגענ
בנוגע די נאַציאָנאַל־קאָלאָניאַלע רעוואָלוציעס אינ דער עפּאָכע פונ אימפּעריאַליזמ,
פאַרבינדנדיק די נאַציאָנאַל־קאָלאָניאַלע פראַגע מיט דער פראַגע וועגנ אַראָפּוואַרפנ
דעמ אימפּעריאַליזמ, אַלס באַשטאַנד־טייל פונ דער אַלגעמיינער פראַגע וועגנ דער
צווישנפעלקערלעכער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע.

די נאַציאָנאַלע פראַגע פלעגט אינ פּעריאָד פונ דער הערשאַפט פונ II אינטערנאַ-
ציאָנאַל, ווי באַוווּסט, אײַנגעשלאָסנ ווערנ אינ זייער אַ שמאָלנ קרײַז פראַגנ, וועלכע
זײַנענ שײַעכ דעריקער די „קולטורעלע“ נאַציאָנאַליטעטנ. דער II אינטערנאַציאָנאַל
האָט קיינמאָל ניט צוגעגעבנ קיינ ערנסטע באַדײַטונג דער נאַציאָנאַלער פראַגע.

„איצט, — זאָגט דער כאַווער סטאַלינ, — דאַרפ מענ האַלטנ די דאָזיקע צווייִ־
קײַט אונ האַלבקײַט פונ דער נאַציאָנאַלער פראַגע פאַר ליקווידירט. דער לענינִיזמ
האָט אויפגעדעקט די דאָזיקע שרײַענדיקע דיסהאַרמאָניע, האָט צעשטערט די וואַנט
צווישנ די ווײַסע אונ שוואַרצע, צווישנ די אייראָפּייער אונ אַזיאַטנ, צווישנ די
„קולטורעלע“ אונ „אומקולטורעלע“ שקלאַפנ פונעמ אימפּעריאַליזמ אונ האָט, אַזוי־
אַרומ פאַרבונדנ די נאַציאָנאַלע פראַגע מיט דער פראַגע וועגנ די קאָלאָניעס. דער־
מיט גופע איז די נאַציאָנאַלע פראַגע פאַרוואַנדלט געוואָרנ פונ אַ פּריוואַטער אונ
אינערלעכ־מעלוכישער אינ אַנ אַלגעמיינער, אינטערנאַציאָנאַלער, אינ אַ וועלט-פראַגע
וועגנ דער באַפרײַונג פונ די אונטערדריקטע פעלקער פונ די אָפּהענגיקע לענדער
אונ קאָלאָניעס פונ אונטערנ יאָכ פונעמ אימפּעריאַליזמ“.*)

די לערע פונ לענינענ אונ סטאַלינענ דעמאַסקירט דעמ אַנטירעוואָלוציאָנערנ,
רעפאָרמיסטישנ שטאַנדפּונקט אינ דער נאַציאָנאַלער פראַגע, וואָס באַטראַכט זי אויס־
סער דער פאַרבינדונג מיט דער אַלגעמיינער פראַגע וועגנ מאַכט, וועגנ אַראָפּוואַרפנ
דעמ קאַפּיטאַליזמ אונ וועגנ דעמ זיג פונ דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע.

„מע האָט שווײַגעוודיק אָנגענומענ, אַז דער זיג פונעמ פּראָלעטאַריאַט אינ איי־

*) י. סטאַלינ „פראַגנ פונ לענינִיזמ“, ז. 43-44.

ראָפּע איז מעגלעך אָן א דירעקטן בונד מיט דער באפרײַונג־באוועגונג אין די קאָלאָניעס, אז די לייזונג פון דער נאציאָנאל־קאָלאָניאלער פראגע קאָן דורכגעפירט ווערן שטילערהייט, דורכן „זעלבסטשטראָם“, אין א זײַט פונעם גרויסן שליאך פון דער פּראָלעטארישער רעוואָליוציע, אָן א רעוואָליוציאָנערן קאמף קעגן דעם אימפּעריאליזם... דער לעניניזם האָט דערוויזן, און די אימפּעריאליסטישע מילכאָמע און די רעוואָליוציע אין רוסלאנד האָבן באשטעטיקט, אז די נאציאָנאלע פראגע קאָן געלייזט ווערן נאָר אין צוזאמענהאנג און אפן באָדן פון דער פּראָלעטארישער רעוואָליוציע, אז דער וועג פון ניצחון פון דער רעוואָליוציע אפן מיזרעך גייט דורכן רעוואָליוציאָנערן בונד מיט דער באפרײַונג־באוועגונג פון די קאָלאָניעס און אָפּהענגיקע לענדער קעגן דעם אימפּעריאליזם. די נאציאָנאלע פראגע איז א טייל פון דער אלגעמיינער פראגע וועגן דער פּראָלעטארישער רעוואָליוציע, א טייל פון דער פראגע וועגן דער דיקטאטור פונעם פּראָלעטאריאט“.*)

לענין און סטאלין דעמאסקירן די אנטימארקסיסטישע טראקטירונג פונעם פּרינציפּ פון דער זעלבסטבאשטימונג פון די נאציעס, וועלכע עס גיבן די לידערס פון II אינטערנאציאָנאל, וואָס האָבן פארוואנדלט דאָס רעכט פון די נאציעס אף זעלבסטבאשטימונג אין רעכט אף „קולטורעלער אווטאָנאָמיע“, אין רעכט פון די אונטערדריקטע נאציעס צו האָבן בלויז אייגענע קולטור־אינסטיטוציעס מיטן איבערלאָזן די גאנצע פּאָליטישע מאכט אין די הענט פון דער הערשנדיקער נאציע.

„דער לעניניזם האָט פארברייטערט דעם באגריף זעלבסטבאשטימונג, אויסטײַטשנדיק אים, ווי דאָס רעכט פון די אונטערדריקטע פעלקער פון די אָפּהענגיקע לענדער און פון די קאָלאָניעס זיך אינגאנצן אָפּצוטיילן, ווי דאָס רעכט פון די נאציעס אף זעלבשטענדיקער מעלוכישער עקזיסטענץ“.**)

די אלזײַטיקע פאנאנדעראַרבעטונג פון דער נאציאָנאלער פראגע אין די ווערק פון לענינען און סטאלינען האָט אינגיכן אָפּגעשפּילט איר קאָלאָסאלע ראָל. שוין ערעוו דער אימפּעריאליסטישער וועלט־מילכאָמע האָט די באָלשעוויסטישע פּארטיי אופגעהויבן אין גאָר דער וועלט א קאמף קעגן דעם אימפּעריאליזם, קעגן די מינדסטע קאָמפּראָמיסן דעם נאציאָנאליזם, קעגן דעם לאָזונג פון „קולטורעל־נאציאָנאלער אווטאָנאָמיע“, קעגן דער אונטערדריקונג פון די שוואכע נאציאָנאליטעטן מיצאד די שטארקערע, קעגן נאציאָנאליזם און פאנאנדערצינדן נאציאָנאלן האַס.

דער נאציאָנאלער רײַסערײַ, דעם קינסטלעכן אָפּגרענעצן איין נאציע פון דער צווייטער, דער פּרוּוו צו צעשפּליטערן דעם פּראָלעטאריאט פון דער געגעבענער מעלוכע לויט די נאציאָנאליטעטן האָבן לענין און סטאלין אנטקעגנגעשטעלט דעם פּראָלעטארישן אינטערנאציאָנאליזם, די צונויפגיסונג פון די ארבעטער פון אלע נאציאָנאליטעטן אין איינהײַטלעכע פּראָלעטארישע אָרגאניזאציעס, די פולשטענדיקע באפרײַונג און גלײַכהײַט פון אלע אונטערדריקטע. לענין און סטאלין זײַנען באשטאנען אף באזײַטיקן יעטווידע פּריווילעגיעס (באזונדערע רעכט) פאר דער גרויסהערשערישער נאציע, זיי האָבן געפאָדערט זיכערן די רעכט פאר יעטווידער

*) י. סטאלין „פראגן פון לעניניזם“, ז. 45.

**) י. סטאלין „פראגן פון לעניניזם“, ז. 44.

נאַציאָנאַלער מינדערהײַט. לענינ אונ סטאַלינ האָבנ קלאָר געזענ, אַז די ריכטיקע דערלייזונג פונ דער נאַציאָנאַלער פראַגע האָט אַ גוואַלדיקע באַדײַטונג פאַרנ גורל פונ דער רעוואָליוציע.

לענינ אונ סטאַלינ האָבנ סײַ ביזנ אָקטיאַבער, סײַ נאָכנ זיג פונ דער גרויסער אָקטיאַבערישער סאָציאַליסטישער רעוואָליוציע אָנ ראַכמאָנעס גראָמירט די פאַרעטער: טראָצקינ, בוכאַרינענ, פּיאַטאַקאָוונ אַ. אַנד., — וועלכע האָבנ געקעמפט קעגנ דעמ לענינִיזמ, אָפּלייקענענדיק די מעגלעכקײַט פונעמ זיג פונ סאָציאַליזמ אינ איינ לאַנד, אָפּלייקענענדיק דאָס רעכט פונ די נאַציעס אַפ זעלבסטבאַשטימונג.

אינ פעריאָד פונ צוגרייטנ די גרויסע אָקטיאַבערישע סאָציאַליסטישע רעוואָליוציע האָט די פאַרטײ באָלשעוויקעס, די פאַרטײ פונ לענינ־סטאַלינ געשענקט אַ באַזונדער אויפמערקזאַמקײַט דער נאַציאָנאַלער פראַגע. אַפ דער אַפּרעל־קאָנפערענצ פונ די באָלשעוויקעס (1917 יאָר) האָט דער כאַווער סטאַלינ אינ זײַנ פּאָרטראַג איבער דער נאַציאָנאַלער פראַגע פאַנאַנדערגעוויקלט די באָלשעוויסטישע פּראָגראַמ פונ לייזנ די נאַציאָנאַלע פראַגע אינ רוסלאַנד.

„...אונדזער שטאַנדפּונקט אינ דער נאַציאָנאַלער פראַגע, — האָט געזאָגט דער כאַווער סטאַלינ, — באַשטייט אינ די פאָלגנדיקע האַנאָכעס: אַ) אַנערקענענ פאַר די פעלקער דאָס רעכט אָפּצוטיילנ זיכ; ב) פאַר די פעלקער, וואָס בלײַבנ אינ די גרענעצנ פונ דער געגעבענער מעלוכע — געגנטלעכע אויטאָנאָמיע; ג) פאַר די נאַציאָנאַלע מינדערהײַטנ — ספּעציעלע געזעצנ, וואָס גאַראַנטירנ זיי פרײַע אַנטוויקלונג; ד) פאַר די פּראָלעטאַריער פונ אַלע נאַציאָנאַליטעטנ פונ דער געגעבענער מעלוכע — אַנ איינהײַטלעכער אומטיילבאַרער פּראָלעטאַרישער קאָלעקטיוו, אַנ איינהײַטלעכע פאַרטײ"*).

די דאָזיקע פּראָגראַמ פונ באָלשעוויסטיש לייזנ די נאַציאָנאַלע פראַגע האָט געזיכערט פאַר אַלע פעלקער פונ אונדזער לאַנד פולשטענדיקע גלײַכבאַרעכטיקונג, נאַציאָנאַלנ שאָלעמ אונווירקלעכע פרײַהײַט.

די פעברואַלער בורזשואַז־דעמאָקראַטישע רעוואָליוציע אינ רוסלאַנד האָט ניט געלייזט אונ האָט ניט געקענט לייזנ די נאַציאָנאַלע פראַגע. דאָס איז געווענ נאָכ די קויכעס נאָכ בלויז פאַר דער גרויסער אָקטיאַבערישער סאָציאַליסטישער רעוואָליוציע.

די זיגרײַכע גרויסע אָקטיאַבערישע סאָציאַליסטישע רעוואָליוציע אינ פּסטר האָט באַוויזנ דער גאַנצער וועלט אַ מוסטער פונ לייזנ די נאַציאָנאַלע פראַגע.

„דער קלאַסנ־טאָכ פונ דער נאַציאָנאַלער פראַגע (אינ די סאָוועטישע באַדינגונגענ — יע. ע.), האָט געזאָגט דער כאַווער סטאַלינ, — באַשטייט ...אינ באַשטימענ ריכטיקע קעגנזײַטיקע באַציִונגענ צווישנ דעמ פּראָלעטאַריאַט פונ דער געוועזענער הערשנדיקער נאַציע אונ דעמ פויערטומ פונ די געוועזענע אונטערדריקטע נאַציאָנאַליטעטנ" **).

דאָס אײַנשטעלנ ריכטיקע קעגנזײַטיקע באַציִונגענ צווישנ די פעלקער פונ פּסטר האָט די פאַרטײ באָלשעוויקעס, די פאַרטײ פונ לענינ־סטאַלינ שטענדיק באַטראַכט, ווי־

---

*) י. סטאַלינ „דער מאַרקסיזמ אונ די נאַציאָנאַל־קאָלאָניאַלע פראַגע", ז. 49.
**) י. סטאַלינ „דער מאַרקסיזמ אונ די נאַציאָנאַל־קאָלאָניאַלע פראַגע", ז. 113.

א פראגע פונ ערשטראנגיקער באדײַטונג. אינ רעזולטאט פונ אומאָפנויגלעכ דורכפירנ אינ לעבנ די קלוגע לעניניש־סטאלינישע נאציאָנאלע פאָליטיק איז צוגעגרייט געוואָרנ אונ איז אינ 1922 יאָר אויסגעבילדעט געוואָרנ א פארבאנד סאָוועטישע סאָציאליסטישע רעפובליקנ אפ די יעסוידעס פונ גלײַכהײַט אונ פרײַוויליקײַט.

די דערפארונג פונ אויסבילדנ א פילנאציאָנאלע מעלוכע אפ דער באזע פונ סאָציאליזמ, די לעניניש־סטאלינישע נאציאָנאלע פאָליטיק האָבנ אָפגעהאלטנ א גלענצנדיקנ זיג. ווײַל נאָר די פארניכטונג פונ דער קאפיטאליסטישער ווירטשאפט-סיסטעמ, וועלכע זונדערט אָפ אומפארמײַדלעכ די מענטשנ, וועלכע שטעלט אײַנ נאציאָנאלנ יאָכ אונ צעפלאקערט נאציאָנאלנ האס, רײַסט ארונטער דעמ יעסאָד פונ דער נאציאָנאלער אָפגעזונדערטקײַט, פארייניקט די מענטשנ.

עס איז אוועק אינ דער פארגאנגענהײַט די בארבארישע סיסטעמ פונ צאריזמ, די סיסטעמ פונ אומאָפהאלטבארער עקספלואטאציע אונ פונ ראבירנ די נאציאָנאלע ראנד־געגנטנ, די סיסטעמ פונ נאציאָנאלנ יאָכ אונ שקלאפערײַ. בלויז די סאָוועטנמאכט האָט אפנ גרונט פונ דער לעניניש־סטאלינישער נאציאָנאלער פאָליטיק געקענט דערפאָלגרײַכ לייזנ די נאציאָנאלע פראגע, שאפנ אלע באדינגונגענ פארנ אופבלי פונ די ארבעטנדיקע מאסנ, זיכערנ א פרידלעכע בויונג אונ א ברידערלעכע מיטארבעט פונ אלע נאציעס, נאציאָנאלע גרופעס אונ פעלקערשאפטנ פונ אונדזער היימלאנד — פונ אלע עלפ גלײַכבארעכטיקטע פארבאנדישע סאָוועטישע רעפובליקנ, וועלכע זײַנענ ענג באהעפט אינ אנ איינהײַטלעכער מעכטיקער סאָציאליסטישער מעלוכע.

דער העראָישער רוסישער ארבעטער־קלאס האָט געהאָלפנ אלע פעלקער פונ רוסלאנד אפ שטענדיק אראָפצוווארפנ דעמ יאָכ פונ דער נאציאָנאלער אונטערדריקונג, פאָטער צו ווערנ פונ די „אייגענע“ אונ „פרעמדע“ אונטערדריקער, האָט געהאָלפנ שאפנ צענטערנ פונ סאָציאליסטישער אינדוסטריע, א קאָלווירטישע אָרדענונג, לערנענ אונ דערציִענ נאציאָנאלע קאדרענ.

דאָס רוסישע פאָלק אינ פארבאנד מיט די פעלקער פונ גאנצנ סאָוועטנלאנד האָט געשאפנ די שטארקסטע מעלוכע פונ דער וועלט — דעמ פססר.

מיט הייסער ליבשאפט ענטפערנ אלע פעלקער פונ סאָוועטנפארבאנד דעמ רוסישנ פאָלק, מיט טיפנ אינטערעס באציִענ זיי זיכ צו דער רוסישער שפראכ, צו דער רוסישער קולטור.

„...די פרײַנטשאפט צווישנ די פעלקער פונ פססר וואקסט אונ פעסטיקט זיכ. דאָס איז, כאווייריִמ, דאָס סאמע ווערטפולע פונ דעמ, וואָס עס האָט געגעבנ אונדז די באָלשעוויסטישע נאציאָנאלע פאָליטיק“ (סטאלינ).

* * *

די גאנצע פאָליטיק פונ אונדזער פארטיי אונ פונ דער סאָוועטישער רעגירונג אינ דער נאציאָנאלער בויונג, די אלוועלטלעכ-היסטאָרישע זיגנ פונ דער דאָזיקער פאָליטיק זײַנענ אפנ ענגסטנ אויפנ פארבונדנ מיטנ נאָמענ פונ גרויסנ סטאלינ. אונטער זײַנ געניאלער אָנפירונג איז צוגעגרייט אונ פארווירקלעכט געוואָרנ די אויסבילדונג פונעמ פארבאנד סאָוועטישע סאָציאליסטישע רעפובליקנ.

די אַרבעטן פונעם כאַווער סטאַלין איבער דער נאַציאָנאַל־קאָלאָניאַלער פראַגע זײַנען אַ ווײַטערדיקע אַנטוויקלונג פון דער טעאָריע פון מאַרקסיזם־לעניניזם אין דער נאַציאָנאַל־קאָלאָניאַלער פראַגע אין דער עפּאָכע פונעם אימפּעריאַליזם און פּראָלעטאַרישע רעוואָלוציעס.

די אַרטיקלען און פאָרטראַגן פונעם כאַווער סטאַלין, וואָס זײַנען אַרײַן אין דער זאַמלונג „דער מאַרקסיזם און די נאַציאָנאַל־קאָלאָניאַלע פראַגע", זײַנען אָנגעשריבן געוואָרן אין פאַרשיידענע יאָרן, אָבער זיי זײַנען ענג פאַרבונדן צווישן זיך.

די זאַמלונג רעדעס און אַרטיקלען פון כאַווער סטאַלין בענעגייע דער נאַציאָנאַל־קאָלאָניאַלער פראַגע האָט אַ באַזונדער באַדײַטונג פאַרן צווישנפעלקערלעכן פּראָלעטאַריאַט. אין די אַרבעטן פונעם כאַווער סטאַלין עפנט זיך פאַנאַנדער די פּערספּעקטיוו פון דער אַלוועלטלעכער סאָציאַליסטישער רעוואָלוציע, ס'ווערט באַוויזן דער איינציק ריכטיקער וועג פונעם קאַמף פון די אונטערדריקטע פעלקער פאַר זייער באַפרײַונג, פאַר שאָלעם, פרײַהײַט, פאַרן סאָציאַליזם. עס פאַרכאַפּט מיט איר קראַפט די פּראָפּאַגאַנדע פון פּראָלעטאַרישן אינטערנאַציאָנאַליזם, וואָס ווערט געפירט אין די אַרבעטן פונעם כאַווער סטאַלין.

אַ באַזונדער אָרט פאַרנעמט אין דער זאַמלונג די גרויסע אַרבעט פונעם כאַווער סטאַלין „דער מאַרקסיזם און די נאַציאָנאַלע פראַגע", וואָס איז אָנגעשריבן געוואָרן מיט 27 יאָר צוריק און איז צום ערשטן מאָל אָפּגעדרוקט געוואָרן אונטערן קעפּל: „די נאַציאָנאַלע פראַגע און די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע" אינעם באָלשעוויסטישן זשורנאַל „פּראָסוועשטשעניע" (№№ 3–5, מאַרט—מיי, 1913 יאָר).

אין דער דאָזיקער קלאַסישער אַרבעט, וועלכע איז געוואָרן די באָלשעוויסטישע פּראָגראַם איבער דער נאַציאָנאַלער פראַגע, גיט דער כאַווער סטאַלין אַ מאַרקסיסטיש־לעניניסטישע באַגרינדונג פון דער נאַציאָנאַלער פראַגע, ער גיט איבער די באָלשעוויסטישע פּראָגראַם פון דער נאַציאָנאַלער פראַגע, ער גראָמירט די דעזאָרגאַניזאַטאָרן פון דער אַרבעטער־באַוועגונג און דעקט אויף דעם בורזשואַזן טאָכ פון דער נאַציאָנאַלער פּראָגראַם פון די עסטרײַכישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן און פונעם גאַנצן II אינטערנאַציאָנאַל.

לענין האָט זייער הויך געשעצט די דאָזיקע אַרבעט פונעם כאַווער סטאַלין, ער האָט אָנגעוויזן אויף איר ריזיקער פּאַרטיייִשער באַדײַטונג און טעאָרעטישן ווערט און ניט איין מאָל האָט ער זיך פאַרופן אויף איר אין זײַנע פאָרטראַגן און אַרטיקלען.

אין זײַן אַרטיקל „וועגן דער נאַציאָנאַלער פּראָגראַם פון דער רסדאַפּ" (דעקאַבער 1913 יאָר) שרײַבט לענין:

„פאַרוואָס און אויף וואָס פאַר אַן אויפן האָט זיך די נאַציאָנאַלע פראַגע אַרויסגערוקט באַם איצטיקן מאָמענט אויף אַ קענטיקן אָרט... אָפּשטעלן זיך אויף דעם איז, צוליב דער פולשטענדיקער קלאָרקײַט פון דער זאַכ־לאַגע, קוים נויטיק. אין דער טעאָרעטישער מאַרקסיסטישער ליטעראַטור איז די דאָזיקע זאַכ־לאַגע און די יעסוידעס פון דער נאַציאָנאַלער פּראָגראַם פון דער ס־ד שוין באַלויכטן געוואָרן פאַר דער לעצטער צײַט (אין דער ערשטער ריי רוקט זיך דאָ אַרויס סטאַלינס אַרטיקל)".

די אַרבעט פונעם כאַווער סטאַלין „דער מאַרקסיזם און די נאַציאָנאַלע פראַגע", וואָס איז אָנגעשריבן געוואָרן מיט אַ פערטל יאָרהונדערט צוריק, שפּיגלט אָפּ

בוילעט יענעם קאַמף, וועלכער איז דעמאָלט געגאַנגען צווישן צוויי מיינונגען אין אָפּשאַצן די נאַציאָנאַלע פראַגע, צווישן צוויי נאַציאָנאַלע פּראָגראַמעס: דער עסטרײַכישער, וועלכע ס׳האָט אונטערגעהאַלטן דער „בונד“ און די מענשעוויקעס, און דער רוסישער, דער באָלשעוויסטישער.

די נאַציאָנאַלע פּראָגראַם פון דער עסטרײַכישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, וואָס איז אָנגענומען געוואָרן אויפן צוזאַמענפאָר אין ברין (1899 יאָר), האָט פּראָקלאַמירט די נאַציאָנאַלע אווטאָנאָמיע אַלס איינציק מעגלעכן וועג אויף צו דערלייזן די נאַציאָנאַלע פראַגע אין עסטרײַך, ווי אויך אין יעטווידער אַנדער פילנאַציאָנאַלן לאַנד.

די נאַציאָנאַלע פּראָגראַם פון די עסטרײַכישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן האָט אַרויסגערוקט דאָס אָרגאַניזירן די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן, וואָס זײַנען צעשפּרייט אין פאַרשיידענע ערטער פון דער מעלוכע, אין איינע אַלגעמיינעם „צווישנקלאַסאָווע נאַציאָנאַלן פאַרבאַנד“. לויט די האַשאָרעס פון די טעאָרעטיקער פון דער עסטרײַכישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, האָט נאָר אַזאַ „פאַרבאַנד“ געקענט פאַרטיידיקן ניט נאָר די קולטור־אינטערעסן פון די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן, נאָר אויך אָפּשטעלן די נאַציאָנאַלע רײַסערײַען. אין דעם איז באַשטאַנען דער טאָך פון דער נאַציאָנאַלער פּראָגראַם פון דער עסטרײַכישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע. זי האָט באַגרענעצט די אווטאָנאָמיע פון די נאַציאָנאַלע גרופּעס בלויז מיט די קולטורעלע פראַגן (פראַגן פון שפּראַך, פון נאַציאָנאַלע שולן א. א. וו.), ניט פאַרבינדנדיק עס מיט דער פראַגע וועגן מאַכט, און האָט אינדערעמעסן געפירט צום נאַציאָנאַליזם.

„די טעמפּקײַט פון די סאָציאַל־דעמאָקראַטן פון עסטרײַך, פון באַוערס און רענערס טיפּ, — האָט געשריבן דער כאַווער סטאַלין אין 1918 יאָר, — באַשטייט, איינגנטלעך, טאַקע דערין, וואָס זיי האָבן ניט פאַרשטאַנען די ענגע פאַרבינדונג פון דער נאַציאָנאַלער פראַגע מיט דער פראַגע וועגן מאַכט, סטאַרענדיק זיך אָפּטיילן די נאַציאָנאַלע פראַגע פון דער פּאָליטיק און אײַנשליסן זי אין די ראַמען פון קולטור־אופקלער־פראַגן, פאַרגעסנדיק אָן דער עקזיסטענץ פון אַזעלכע „קלייניקײַטן“, ווי דער אימפּעריאַליזם און די קאָלאָניעס, וואָס ער האָט פאַרשקלאַפּט**).

דאָס האָט אָבער ניט געשטערט די בונדאָווצעס צו אָנעמען די נאַציאָנאַלע פּראָגראַם פון דער עסטרײַכישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע. די בונדאָווצעס און די ליקווידאַטאָרן זײַנען געווען פאַרביסענע אָנהענגער פון דער „קולטורעל־נאַציאָנאַלער אווטאָנאָמיע“. דער כאַווער סטאַלין האָט געשריבן: „...דער „בונד“ האָט זיך געשטעלט אויף דער קוריאָזער און וואַקלדיקער פּאָזיציע, אָנעמענדיק אויף זײַן VI צוזאַמענפאָר (1905 יאָר) אַ „נאַציאָנאַלע פּראָגראַם“ אין גײַסט פון נאַציאָנאַלער אווטאָנאָמיע“**).

די אָנהענגער פון נאַציאָנאַלער אווטאָנאָמיע פונעם „בונד“ האָבן געפאָדערט, עס זאָל „אין געזעצגעבערישער אָרדענונג“ געזיכערט ווערן פאַרן יידישן פּראָלעטאַריאַט דאָס רעכט צו פּראַווען שאַבעס. „...אָפּגרענעצן די יידן פון אַלץ, וואָס ניט יידיש איז, אפילע באַזונדערע שפּיטאָלן אײַנאָרדענען, — אָט צו וואָס עס האָט זיך

*) י. סטאַלין „דער מאַרקסיזם און די נאַציאָנאַל-קאָלאָניאַלע פראַגע“, ז. 56.
**) י. סטאַלין „דער מאַרקסיזם און די נאַציאָנאַל־קאָלאָניאַלע פראַגע“, ז. 27.

אַראָפּגעלאָזנ דער „בונד“!“*). דער „בונד“ האָט זיכ אויכ אינ דער אָרגאַניזאַציאָנעלער פראַגע געשטעלט אפנ וועג פונ אָפּזונדערנ די ייִדישע אַרבעטער — אפנ וועג פונ נאַציאָנאַלע קוריִעס אינ דער סאָציִאַל־דעמאָקראַטיע.

פירנדיק אנ אנטשײדענעמ קאַמפ קעגנ דעמ בורזשואַזנ פאַרשטײנ די נאַציאָנאַלע זעלבסטבאַשטימונג און פאַרטײדיקנדיק די רעכט פונ די נאַציעס אפ זעלבסטבאַשטימונג, דעקט אויפ דער כאַווער סטאַלינ אינ זײַנ אַרבעט „דער מאַרקסיזם און די נאַציאָנאַלע פראַגע“ דעמ קלאַסנ־טאָכ פונ דעמ לאָזונג „קולטורעל־נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע“, וואָס ווידערשפּרעכט דעמ אינטערנאַציאָנאַליזמ און איז אַ ראַפינירטע פאָרמ פונ בורזשואַזנ נאַציאָנאַליזמ, וואָס איז באַזונדערס שעדלעכ פארנ פּראָלעטאַריאַט.

דער כאַווער סטאַלינ דעקט אויפ די פּרינציפּיעלע אומהאַפּטיקײַט פונ דער עסטרײַכישער נאַציאָנאַלער פּראָגראַמ, פונ דער עסטרײַכישער טעאָריע וועגנ נאַציע, אַלס גרונט און אויסגאַנג־פּונקט פונ דער „נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע“, וועלכע זײ פרײדיקנ, און גיט איבער די באָלשעוויסטישע פּראָגראַמ פונ לײזנ די נאַציאָנאַלע פראַגע אינ רוסלאַנד, דעמ מאַרקסיסטישנ פּרינציפּ פונ דער אינטערנאַציאָנאַלער באַהעפטונג פונ די אַרבעטער.

„אַ נאַציע,—שרײַבט דער כאַווער סטאַלינ,—איז אַ היסטאָריש אויסגעבילדעטע סטאַנדהאַפּטיקע געמײנזאַמקײַט פונ שפּראַכ, טעריטאָריע, עקאָנאָמישנ לעבנ און פּסיכישער פאָרמאַציע, וואָס ווײַזט זיכ אַרויס אינ דער געמײנזאַמקײַט פונ דער קולטור“.**)

אָבער קײנ אײנער פונ די אָנגעוויזענע פּרינציפּנ, גענומענ באַזונדער, איז ניט גענוגנדיק אפ צו באַשטימענ די נאַציע. „בלויז די אָנוועזנהײַט פונ אַלע סימאָנימ צוזאַמענ גענומענ גיט אונדז אַ נאַציע“. „...אינ דער ווירקלעכקײַט, — מערקט אָפּ ווײַטער דער כאַווער סטאַלינ, — עקזיסטירט ניט קײנ שומ אײנציק אונטערשײדנדיקער סימענ פונ אַ נאַציע. עס איז נאָר פאַראַנ אַ סכומ פונ סימאָנימ, וואָס באַמ פאַרגלײַכנ די נאַציעס טײלט זיכ פונ זײ אויס מער רעליעפ אַמאָל אײנ סימענ (דער נאַציאָנאַלער כאַראַקטער), אַמאָל אַ צווײטער (די שפּראַכ), אַמאָל אַ דריטער (די טעריטאָריע, די עקאָנאָמישע באַדינגונגענ). אַ נאַציע איז אַ צונויפפאָרונג פונ אַלע סימאָנימ, גענומענע צוזאַמענ“.***)

אינ דער פאָרשטעלונג פונ באַוערנ און אַנדערע איז אַ נאַציע — „די געמײנזאַמקײַט פונ דעמ נאַציאָנאַלנ כאַראַקטער אפנ באָדנ פונ געמײנזאַמקײַט פונעמ גורל, גענומענ אָנ דעמ אָבליגאַטאָרישנ צוזאַמענבונד מיט דער געמײנזאַמקײַט פונ טעריטאָריע, שפּראַכ און עקאָנאָמישנ לעבנ“. דאָ, — זאָגט דער כאַווער סטאַלינ, — ווערט די נאַציע אידענטיפיצירט מיטנ נאַציאָנאַלנ כאַראַקטער און ווערט אָפּגעריסנ פונעמ באָדנ. „עס באַקומט זיכ ניט אַ נאַציע, אַ לעבעדיקע און טעטיקע, נאָר עטוואָס מיסטישעס, אומבאַגרײַפלעכעס, יענוועלטיקס“.****)

דער כאַווער סטאַלינ ווײַזט אָנ, אַז „אַ נאַציע איז ניט פּאָשעט אַ היסטאָרישע קאַטעגאָריע, נאָר אַ היסטאָרישע קאַטעגאָריע פונ אַ באַשטימטער עפּאָכע, פונ דער

*) י. סטאַלינ „דער מאַרקסיזמ און די נאַציאָנאַל־קאָלאָניאַלע פראַגע“, ז. 31.
**) י. סטאַלינ „דער מאַרקסיזמ און די נאַציאָנאַל־קאָלאָניאַלע פראַגע“, ז. 6.
***) דאָרטנ, ז. 9.
****) דאָרטנ, ז. 9.

עפּאָכע פונעם אופשטײַגנדיקן קאַפּיטאַליזם. דער פּראָצעס פון דער ליקווידאַציע פון פעאָדאַליזם און פון דער אנטוויקלונג פון קאַפּיטאַליזם איז גלײַכצײַטיק א פּראָצעס, ווען מענטשן נעמען זיך אויסבילדן אין נאַציעס".*)

דער כאַווער סטאַלין דערקלערט גענוי, וואָס עס באַטײַט דאָס רעכט פון די נאַציעס אפ זעלבסטבאַשטימונג; נאָר די נאַציע אַליין האָט דאָס רעכט צו באַשטימען איר גורל; קיינער האָט קיין רעכט מיט גוואַלט אַרײַנצומישן זיך אין דעם לעבן פון דער נאַציע, ברעכן אירע מידעס און מינהאָגים.

„דאָס הייסט ניט, פאַרשטייט זיך, אז די סאָציִאַל־דעמאָקראַטיע וועט אונטערהאַלטן אַלע און אַלערליי מינהאָגים און אינסטיטוציעס פון דער נאַציע".

„דאָס רעכט אפ זעלבסטבאַשטימונג, דאָס הייסט — די נאַציע קען זיך אײַנאָרדענען לויט איר באַגער. זי האָט דאָס רעכט אײַנצואָרדענען איר לעבן אפ אוטאָנאָמע יעסוידעס. זי האָט דאָס רעכט אַרײַנטרעטן אין פעדעראַטיווע פאַרהעלטענישן מיט אַנדערע נאַציעס. זי האָט דאָס רעכט אינגאַנצן אָפּטיילן זיך. די נאַציע איז סוווערען, און אַלע נאַציעס זײַנען גלײַכבאַרעכטיקט".

„דאָס הייסט ניט, פאַרשטייט זיך, אז די סאָציִאַל־דעמאָקראַטיע וועט פאַרטיידיקן יעטווידער פאָדערונג פון דער נאַציע".

דער כאַווער סטאַלין גיט אן איינציק ריכטיקן, מאַרקסיסטיש־לעניניש צוגאַנג באַם לייזן די נאַציִאָנאַלע פראַגע, אוועקשטעלנדיק עס אין ענגער פאַרבינדונג מיט די אינטערעסן פון קלאַסן־קאַמפּ:

„די נאַציע האָט רעכט אײַנצואָרדענען זיך אוטאָנאָם. זי האָט אפילע דאָס רעכט אָפּצוטיילן זיך. אָבער דאָס הייסט נאָך ניט, אז זי דאַרף עס טאָן באַ אַלע באַדינגונגען, אז אוטאָנאָמיע אָדער סעפּאַראַציע וועט אומעטום און שטענדיק זײַנען פאַר דער נאַציע, ד. ה., פאַר איר מערהײַט, ד. ה., פאַר די אַרבעטנדיקע שיכטן."**)

ווײַטער מאַכט דער כאַווער סטאַלין אן אַלגעמיינעם אויספיר:

„...לייזן די נאַציִאָנאַלע פראַגע איז מעגלעך בלויז אין צוזאַמענהאַנג מיט די היסטאָרישע באַדינגונגען, גענומען אין זייער אַנטוויקלונג".

אָנווײַזנדיק אפ די באַזונדערע באַדינגונגען און אָרדנטלעכע אופגאַבן, וואָס זײַנען געשטאַנען אין רוסלאַנד, זאָגט דער כאַווער סטאַלין, אז „...די אַקס פונעם פּאָליטישן לעבן פון רוסלאַנד איז ניט די נאַציִאָנאַלע פראַגע, נאָר די אַגראַר־פראַגע. דעריבער ווערט דער גורל פון דער רוסישער פראַגע און, הייסט עס, אויך פון דער „באַפרײַונג" פון די נאַציעס פאַרבונדן אין רוסלאַנד מיט דער לייזונג פון דער אַגראַר־פראַגע, דאָס הייסט, מיט דער פאַרניכטונג פון די לײַבייגנטימערישע רעשטלעך, דאָס הייסט, מיט דער דעמאָקראַטיזירונג פונעם לאַנד".***)

„נאָכאַמאָל: קאָנקרעטע היסטאָרישע באַדינגונגען, אַלס דער אויסגאַנג־פונקט, דיאַלעקטישע שטעלונג פון דער פראַגע, אַלס די איינציק ריכטיקע שטעלונג, — דאָס איז דער שליסל צום לייזן די נאַציִאָנאַלע פראַגע".

---

*) דאָרטן, ז. 10.

**) י. סטאַלין „דער מאַרקסיזם און די נאַציִאָנאַל־קאָלאָניאַלע פראַגע", ז. 15.

***) י. סטאַלין „דער מאַרקסיזם און די נאַציִאָנאַל־קאָלאָניאַלע פראַגע", ז. 19—18.

דער כאווער סטאלינ גיט אינ דעמ 4־טנ קאפיטל פונ זײַנ ארבעט „דער מארקסיזמ אונ די נאציאָנאלע פראגע“ א פארניכטנדיקע קריטיק פונ דער נאציאָנאלער אווטאָנאָמיע זעלבסט.

„די נאציאָנאלע אווטאָנאָמיע ווידערשפרעכט דעמ גאנצנ אנטוויקלונג־גאנג פונ די נאציעס... עס איז קײנ צווײפל ניט, אז אפ די ערשטע סטאדיעס פונ קאפיטאליזמ ווערנ די נאציעס באהעפט. ס'איז אָבער אָנ שומ צווײפל אויכ, אז אפ די העכערע סטאדיעס פונ קאפיטאליזמ הײבט זיכ אָנ דער פראָצעס פונעמ צעשפרײטנ זי[illegible]נ די נאציעס, דער פראָצעס פונעמ אָפטײלנ פונ די נאציעס א גאנצע רײ גרופעס, וועלכע גײענ אוועק זוכנ פארדינסטנ אונ וואנדערנ דערנאָכ אינגאנצנ איבער אינ אנדערע געגנטנ פונ דער מעלוכע; דערבײַ פארלירנ די איבערגעוואנדערטע די אלטע פארבינדונגענ, זײ באקומענ נײַע פארבינדונגענ אפ די נײַע ערטער, נעמענ איבער פונ דאָר צו דאָר נײַע מידעס אונ געשמאקנ אונ עפשער אויכ א נײַע שפראכ...“

„אָבער די צוזאמענגעבונדנקײַט אונ אײנהײַטלעכקײַט פונ דער נאציע פאלט ניט נאָר אדאנק דער צעשפרײטונג. זי פאלט נאָכ פונ אינווײניק, אדאנק דער פארשארפונג פונעמ קלאסנ־קאמפ. אפ די ערשטע סטאדיעס פונ קאפיטאליזמ קענ מענ נאָכ רײדנ וועגנ „קולטורעלער געמײנזאמקײַט“ פונעמ פראָלעטאריאט אונ דער בורזשואזיע“. אָבער מיט דער אנטוויקלונג פונ דער גרויס־אינדוסטריע אונ מיט דער פארשארפונג פונעמ קלאסנ־קאמפ הײבט אָנ די „געמײנזאמקײַט“ צעגײנ. מע קענ ניט רײדנ ערנסט וועגנ „קולטורעלער געמײנזאמקײַט“ פונ א נאציע, ווענ די באלעבאטים אונ די ארבעטער פונ אײנער אונ דער זעלבער נאציע הערנ אופ צו פארשטײנ אײנער דעמ אנדערנ. וועגנ וואָס פאר א „געמײנזאמקײַט פונ גורל“ קאָנ זײַנ א רײד, ווענ די בורזשואזיע לעכצט נאָכ מילכאָמע, אונ דער פראָלעטאריאט דערקלערט „מילכאָמע דער מילכאָמע“? צי קענ מענ פונ אזעלכע קעגנזעצלעכע עלעמענטנ אָרגאניזירנ אנ אײנהײַטלעכנ צווישנקלאסאָווג נאציאָנאלנ פארבאנד? צי קענ מענ נאָכ דעמ רײדנ וועגנ „באהעפטונג פונ אלע מיטגלידער פונ דער נאציע אינ א נאציאָנאלקולטורעלער געמײנזאמקײַט“? צי איז דענ ניט קלאָר דערפונ, אז די נאציאָנאלע אווטאָנאָמיע ווידערשפרעכט דעמ גאנצנ גאנג פונ קלאסנ־קאמפ?“ *)

דאָס פארבײַטנ דאָס רעכט פונ די נאציעס אפ זעלבסטבאשטימונג מיט נאציאָנאלער אווטאָנאָמיע גרײט צו א באָדנ אפ צעשטערנ די אײנהײַט פונעמ ארבעטערקלאס.

אפנ בײַשפיל פונ „בונד“ (קאפיטל V) באווײַזט דער כאווער סטאלינ, אז די אידײע פונ דער נאציאָנאלער אווטאָנאָמיע אונ די אטמאָספער, וועלכע זי שאפט, האָט זיכ ארויסגעוויזנ נאָכ מער שעדלעכ אינ רוסלאנד, אײדער אינ עסטרײַכ. דער כאווער סטאלינ באווײַזט בולעט די פרינציפיעלע אומהאפטיקײַט פונ דער „קולטורעל־נאציאָנאלער אווטאָנאָמיע“ אויכ אפנ בײַשפיל פונ קאווקאז (קאפיטל VI).

די קולטורעל־נאציאָנאלע אווטאָנאָמיע אלס קינסטלעכע אונ ניט לעבנספײַקע, וועלכע שטויסט צומ נאציאָנאליזמ, טויג ניט.

*) י. סטאלינ „דער מארקסיזמ אונ די נאציאָנאל־קאָלאָניאלע פראגע“, ז. 24—23.

„די איינציק ריכטיקע לייזונג איז א געגנט־אװטאָנאָמיע“. איר מײַלע איז „אין דעם, װאָס בא איר קומט אויס האָבן צו טאָן ניט מיט א פיקציע אָן א טערי־טאָריע, נאָר מיט א באשטימטער באפעלקערונג, װעלכע לעבט אפ א באשטימטער טעריטאָריע“. *)

די געגנטלעכע אװטאָנאָמיע „גרענעצט ניט אָפ די מענטשן לויט נאציעס, זי פארפעסטיקט ניט די נאציאָנאלע מעכיצעס, — פארקערט, זי ברעכט בלויז די דאָ־זיקע מעכיצעס און פארייניקט די באפעלקערונג, קעדיי צו עפענען א װעג פאר דער פאנאנדערגרענעצונג פון אן אנדער מין, א פאנאנדערגרענעצונג לויט קלאסן. **)

אויסער דעם דערלויבט די געגנטלעכע אװטאָנאָמיע בעסער אויסנוצן די נאטור־רײַכטימער פון דער געגנט און אנטװיקלען די פראָדוקטיװע קויכעס.

אנשטאָט א קינסטלעכן פלאן פונעם „נאציאָנאלן פארבאנד“ פון די מינדערהײַטן רוקט ארויס דער כאװער סטאלין די פראָגראם: „נאציאָנאלע גלײַכבארעכטיקונג אין אלע אירע פאָרמען (שפראך, שולן א. אנד.), אלס נייטיקער פונקט אין דער לייזונג פון דער נאציאָנאלער פראגע“ ***). בלויז דאָס קאָן פולשטענדיק באפרידיקן די נויטן פון די מינדערהײַטן אין די רעאלע רעכט.

דער קינסטלעכער „נאציאָנאלער פארבאנד“ קען ניט געבן די מינדערהײַטן קיין רעאלע רעכט אָן דער דעמאָקראטיזירונג פונעם לאנד, און בא א דעמאָקראטיזירונג איז אזא „פארבאנד“ זינלאָז.

„אן אלגעמיין־מעלוכישער געזעץ, געגעבן אפן יעסאָד פון פולשטענדיקער דעמאָקראטיזירונג פונעם לאנד, א געזעץ, װאָס פארװערט אלע אָן אויסנאם פאָרמען פון נאציאָנאלע פריװילעגיעס און אװעלכע ס'זאָל ניט זײַן אונטערדריקונג אָדער באגרענעצונג פון די רעכט פון די נאציאָנאלע מינדערהײַטן.

דערין און נאָר דערין קען זײַן א װירקלעכע און ניט קיין פאפירענע גאראנטיע פאר די רעכט די מינדערהײַטן“ ****).

דער כאװער סטאלין טרעט ארויס אנטשיידן קעגן דער אנטימארקסיסטישער פראקטיק פון פאנאנדערגרענעצן די ארבעטער לויט די נאציאָנאליטעטן, װעלכע דרינגט ארויס „פון דער קולטורעל־נאציאָנאלער אװטאָנאָמיע“ און װאָס זי ברענגט צו א פאנאנדערפאלן פון דער איינהײַטלעכער ארבעטער־פארטיי, צו א פארשארפונג פון די נאציאָנאלע רײַבונגען, צו צעקראָכנקײַט און דעזאָרגאניזאציע.

„דאָס איינציקע מיטל קעגן דעם איז אן אָרגאניזאציע אפ די יעסוידעס פון אינטערנאציאָנאליזם.

באהעפטן אפ די ערטער די ארבעטער פון אלע נאציאָנאליטעטן פון רוסלאנד אין איינהײַטלעכע גאנצע קאָלעקטיװן, באהעפטן אזעלכע קאָלעקטיװן אין אן איינ־הײַטלעכער פארטיי — אזא איז די אויפגאבע“. *****)

*) י. סטאלין „דער מארקסיזם און די נאציאָנאל־קאָלאָניאלע פראגע“, ז. 42.
**) דאָרטן, ז. 42.
***) דאָרטן, ז. 43.
****) י. סטאלין „דער מארקסיזם און די נאציאָנאל־קאָלאָניאלע פראגע“, ז. 43.
*****) דאָרטן, ז. 44.

זיבנ אונ צוואנציק יאָר איז דורכגעגאנגענ פונ יענער צײַט, זינט עס איז אָנגעשריבנ אונ פובליקירט געוואָרנ דעמ כאווער סטאלינס ארבעט „דער מארקסיזמ אונ די נאציאָנאלע פראגע“, אָבער די באדײַטונג פונ דער דאָזיקער ארבעט איז אויכ איצט זייער גרויס. זי באוואָפנט דעמ צווישנפעלקערלעכנ פּראָלעטאריאט אינ קאמפ קעגנ פאשיזמ, וואָס זייט נאציאָנאלע רײַסערײַ אונ מענטשנ־האס.

דעמ כאווער סטאלינס ארבעט „דער מארקסיזמ אונ די נאציאָנאלע פראגע“ העלפט דעמאסקירנ די בורזשואזע נאציאָנאליסטנ פונ אלע קאָלירנ אונ באוואָפנט צומ קאמפ פאר אויסוואָרצלענ די נאָכשלעפּער פונ די טראָצקיסטיש־בוכארינישע בורזשואז־נאציאָנאליסטישע מעשאָרסימ פונ אימפעריאליזמ.

די געשיכטע האָט פארורטיילט דעמ פּרינציפּ פונ דער נאציאָנאלער פאנאנדער־גרענעצונג פונעמ ארבעטער־קלאס, אונ האָט פולקאָמ באשטעטיקט די ריכטיקײַט פונעמ פּרינציפּ פונ דער אינטערנאציאָנאלער אָרגאניזאציע [פונעמ ארבעטער־קלאס, פאר וועלכנ לענינ אונ סטאלינ האָבנ געפירט אנ אומקאָמפּראָמיסלעכנ קאמפ אינ פארלויפ פונ אסאכ יאָרנ. דער קאָמוניסטישער אינטערנאציאָנאל, וואָס פאראייניקט איצט מיליאָנענ פאָרגעשריטענע ארבעטער פונ דער גאנצער וועלט, — איז א לעבע־דיקער איידעס פונ דעמ.

אינ דער צײַט, ווענ די טעאָרעטיקער פונ דער עסטרײַכישער סאָציאל־דעמאָ־קראטיע זיצנ שוינ פונ לאנג בא דער צעבראָכענער קאָרעטע פונ זייער נאציאָנא־לער פּראָגראמ, האָט די באָלשעוויסטישע פּראָגראמ, די לעניניש־סטאלינישע נאציאָ־נאלע פּאָליטיק אָפּגעהאלטנ אלוועלטלעכ־היסטאָרישע זיגנ.



אלוועלטלעכ־היסטאָרישע זיגנ האָבנ זיכ דערשלאָגנ אונטער דער אָנפירונג פונ דער פארטיי פונ לענינ־סטאלינ צענדליקער פעלקער אונ שוואָטימ פונ פּססר, אינ דער פארגאנגענהײַט דערשלאָגענע, אָפּגעשטאנענע, וועלכע דער צאריזמ האָט בע־קיונ דערווײַטערט איינע פונ די אנדערע, אײַנפלאנצנדיק נאציאָנאלע סינע אונ האס. דאָס צארישע רוסלאנד איז געווענ א טורמע פונ פעלקער, פונקט אזוי ווי אלע קאפּיטאליסטישע לענדער זײַנענ לענדער פונ נאציאָנאלנ דרוק אונ פונ קאָ־לאָניאלער פארשקלאפונג. בלויז אינעמ סאָוועטנפארבאנד האָבנ די פעלקער, וואָס זײַנענ באפרײַט געוואָרנ פונ נאציאָנאלנ יאָכ אונ ניט גלײַכבארעכטיקונג, געשאפנ אנ איינהײַטלעכע פרײַנטלעכע מישפּאָכע. אלע פעלקער פונ פּססר זײַנענ פאראייניקט אינ אנ איינהײַטלעכער פארבאנדישער מעלוכע אפ די פּרינציפּנ פונ גלײַכהײַט אונ פּריווילעגיעס.

פּססר איז דאָס איינציקע לאנד אינ דער וועלט, ווו עס איז ליקווידירט גע־וואָרנ דער קעגנזײַטיקער אומצוטרוי צווישנ די פעלקער אונ ווו די באציִונגענ פונ אלע פעלקער ווערנ געבויט אפ די יעסוידעס פונ ברידערלעכער פרײַנטשאפט. דער דאָזיקער ברידערלעכער פארבאנד איז פארפעסטיקט דורכ דער סטאלינישער קאָנ־סטיטוציע פונ סאָציאליזמ, וועלכע זיכערט די רעכט פונ אלע נאציאָנאליטעטנ פונ פּססר.

די בורזשואזע קאָנסטיטוציעס פארפעסטיקנ די עקזיסטענצ פונ „פולבארעכטיקטע“ אונ „ניט פולבארעכטיקטע“ נאציעס. די קאָנסטיטוציע פונ פססר איז טיפ אינטערנאציאָנאליסטיש. אינ פססר זײַנענ אלע נאציעס אונ ראסעס גלײַכבארעכטיקט, אלע נאציעס אונ ראסעס, אומאָפּהענגיק פונ זייער פאָריקער אונ איצטיקער לאגע, אומאָפּהענגיק פונ זייער שטארקײַט אָדער שוואכקײַט, האָבנ די זעלבע רעכט אינ אלע געביטנ פונווירטשאפטלעכנ, געזעלשאפטלעכנ, מעלוכישנ אונ קולטורעלנ לעבנ.

די סאָוועטנמאכט האָט געזיכערט דעם אופבלי פונ דער סאָציאַליסטישער עקאָנאָמיק אונ קולטור פונ אלע נאציאָנאליטעטנ פונ פססר. עס האָבנ זיכ שנעל אנטוויקלט, עס זײַנענ אויסגעוואקסנ די פּראָדוציר־קרעפטנ פונ די נאציאָנאלע רעפּובליקנ. דאָרטנ, ווו די צארישע זעלבסטהערשונג האָט ניט דערלאָזנ צו שאפנ קיינ אינדוסטריע, זײַנענ דורכגעלייגט געוואָרנ אײַזנבאנ־מאגיסטראלנ, ווערנ פאנאנדערגעארבעט קאָלאָסאלע רעזערוונ פונ ווערטפולע ארצנ, עס זײַנענ אויסגעוואקסנ מעכטיקע זאוואָדנ, פאבריקנ, עלעקטראָסטאנציעס אונ פילצאָליקע אנדערע אינדוסטריעלע אונטערנעמונגענ.

א גרויסנ אופבלי האָט דערגרייכט אויכ די לאנדווירטשאפט פונ די נאציאָנאלע רעפּובליקנ. צענדליקער טויזנטער טראקטאָרנ, קאָמבײַנענ אונ אנדערע לאנדווירטשאפטלעכע מאשינעס האָט די סאָוועטנמאכט געשיקט אפ די פעלדער פונ די קאָלווירטנ אונ סאָווירטנ פונ די נאציאָנאלע רעפּובליקנ.

דער ווירטשאפטלעכער אופבלי פונ די פארבאנדישע אונ אווטאָנאָמע רעפּובליקנ פונ סאָוועטנפארבאנד האָט אופגעהויבנ צו א קולטורעלנ, פארמעגלעכנ לעבנ די ארבעטנדיקע מאסנ פונ די פריערדיקע צארישע קאָלאָניעס, וואָס זײַנענ אינ דער פארגאנגענהײַט געווענ דערשלאָגנ אונ אונטערדריקט.

אינ אלע נאציאָנאלע רעפּובליקנ איז דערגרייכט געוואָרנ דער גרעסטער אופשטײַג אונ אופבלי פונ דער קולטור אונ קונסט, נאציאָנאל לויט דער פאָרם אונ סאָציאַליסטיש לויטנ אינהאלט. דאָרטנ, ווו ביז דער רעוואָליוציע איז קימאט ניט געווענ קיינ גראמאָטנעקײַט, ווערט איצט די באפעלקערונג קימאט דורכויס גראמאָטנע.

טויזנטער שולנ, צענדליקער אונ הונדערטער הויכשולנ, טעכניקומס, מיטלשולנ ווערנ איצט געציילט אינ יעדער פארבאנדישער אונ אווטאָנאָמער רעפּובליק. אינ 35 מאָל מער, איידער ביז דער אָקטיאבערישער סאָציאַליסטישער רעוואָליוציע לערנענ זיכ קינדער אינ די מיטלשולנ פונ אזערבײַדזשאנ, אינ 59 מאָל מער—אינ אוזבעקיסטאנ, אינ 68 מאָל מער—אינ ארמעניע אונ אינ 172 מאָל מער — אינ קירגיזיע.

אינ ווססר איז פאראנ איבער 7 טויזנט שולנ, 22 הויכשולנ, 80 פעדשולנ אונ טעכניקומס, 20 ארבפאקנ. ווססר ציילט 2944 קלובנ אונ 88 ראיאָנע הײַזער פונ סאָצקולטור. עס זײַנענ געשאפנ געוואָרנ 1417 לייענשטיבלעכ אונ קאָלווירטישע קלובנ. עס איז פאראנ 14 דראמאטישע טעאטערס, א טעאטער פונ אָפּערע אונ באלעט, 16 לערנ-אנשטאלטנ פונ קונסט, א מעלוכישע פילהארמאָניע, א קאָנסערוואטאָריע, א וויסנשאפט־אקאדעמיע אונ אנדערע. מיט דער ווידערפאראייניקונג פונ די מײַרעווגעגנטנ (געוועזענע מײַרעוו־ווײַסרוסלאנד) אינ דעם איינהײַטלעכנ אָרדענטרעגערישנ סאָוועטנ־ווײַסרוסלאנד האָט זיכ די צאָל שולנ, לערנ־אנשטאלטנ, וויסנשאפטלעכע אונ קולטור־אנשטאלטנ אינ פיל מאָל פארגרעסערט.

טעאטערס, קלובנ, קינאָ, ראדיאָ, פרעסע — דאָס אלץ איז איצט דאָס אייגנס פונ אלע נאציאָנאליטעטנ פונעם גרויסנ סאָוועטנפארבאנד. צענדליקער אונ הונדערטער טויזנטער ספּעציאַליסטנ: אינזשעניערנ, דאָקטוירימ, אגראָנאָמענ, שרייבער, ארטיסטנ, פּיצולטלער, ערד־מעסטער אונ אז. ו. — פארמאָגנ איצט די נאציאָנאלע רעפובליקנ פונ פססר.

דער סאָציאַליזמ דרינגט דורכ די ארבעט אונ דעמ שטייגער פונ אלע ארבעטנדיקע פונ די 11 גלייכבארעכטיקטע פארבאנדישע סאָוועטישע רעפובליקנ, וואָס זיינענ באהעפט אינ אנ איינהייטלעכער, מעכטיקער סאָציאַליסטישער מעלוכע פונ ארבעטער אונ פויערימ.

באפרייטע דורכ דער גרויסער אָקטיאבערישער סאָציאַליסטישער רעוואָליוציע, האָבנ די פעלקער פונ פססר זיכ דערשלאָגנ דאָס אלץ אונטער דער אָנפירונג פונ דער באָלשעוויסטישער פארטיי, אונטער דער אָנפירונג פונעמ פאָרזעצער פונ לענינס זאכ — דעמ גרויסנ סטאלינ.

די וועלט־היסטאָרישע סאכאקלענ פונ דער בויונג פונעמ נייעמ פרייענ לעבנ פונ אלע פעלקער פונ פססר זיינענ א רעזולטאט פונעמ זיג פונ דער לעניניש־סטאלינשער נאציאָנאלער פּאָליטיק.

די דאָזיקע זיגנ באווייזנ מיט דער גרעסטער איבערצייגעוודיקייט, מיט וואָס פאר א געניאַלער פאָרויסזעונג, מיט וואָס פאר א קלוגשאפט דער כאווער סטאלינ, דער צענטראל־קאָמיטעט פונ דער באָלשעוויסטישער פארטיי אונ די סאָוועטנ־רעגירונג האָבנ געפירט אונ פירנ די פעלקער פונ פססר אפנ וועג פונ ברידערלעכער מיטארבעט, אפנ וועג פונ סאָציאַליזמ! אָט פארוואָס די ארבעטנדיקע פונ סאָוועטנפארבאנד האלטנ אזוי טייער זייער סאָציאַליסטיש היימלאנד. אָט פארוואָס אלע פעלקער פונ פססר האָבנ מיט באגייסטערונג ליב זייער פירער דעמ כאווער סטאלינ.

אונטער דער אָנפירונג פונ דער פארטיי פונ לענינ־סטאלינ וועלנ די פעלקער פונ פססר, צעשמעטערנדיק אלע שטערונגענ אפ זייער וועג, דערשלאָגנ זיכ נייע זיגנ אפנ וועג פונ קאָמוניזמ.

יעפימאָוו.

י. סערעבריאני

# סטאַלין אין דער פֿאָלקס־שאפונג

אין דעם פֿאָלקלאָר פון אַלע צײַטן און אַלע פֿעלקער האָט א גרויסן אָרט
פאַרנומען די געשטאַלט פונעם פֿאָלקס־העלד. די דאָזיקע העלדן, וואָס די פֿאָלקס־
פאַנטאַזיע האָט געשאַפן, האָבן אפן בעסטן אויפן אויסגעדריקט זײַן כאַראַקטער,
זײַן גײַסטיקן און מאַטעריעלן צושטאַנד, זײַנע טרוימען, אינטערעסן און שטרעבונ־
גען. „די סאַמע טיפע און פאַרביקע, קינסטלעריש־פאַרפולקומטע העלדן־טיפן זײַנען
געשאַפן געוואָרן דורכן פֿאָלקלאָר, דורך דער מונדלעכער שאַפונג פונעם ארבעטנ-
דיקן פֿאָלק". אין די דאָזיקע געשטאַלטן האָבן זיך „האַרמאָניש פאַראייניקט די ראַציע
און אינטויִציע, דער געדאַנק און געפיל. אַזא מין באַהעפטונג איז מעגלעך בלויז
בא דעם אומיטלבאַרן אָנטייל פונעם שעפער אין דער שעפערישער ארבעט פון
דערווירקלעכקײַט, אין דעם קאַמף פאַר באַנײַען דאָס לעבן" (גאָרקי).
אָבער דאָס אומשטערבלעכע ארבעטנדיקע פֿאָלק איז טויזנטער יאָרן געווען פאַר־
שקלאַפט און דערנידעריקט, האָט עס געשאַפן גרויסע עפּישע לעגענדן און לירישע
געזאַנגען וועגן לעגענדאַרע גיבורים, העלדן און מעשׂיכים-אויסלייזער. דאָס האָט
אויסגעדריקט זײַנע פאַרבאָרגענע און פאַרשמידטע ריזיקע קרעפטן, וואָס רײַסן זיך
צו א בעסערער וועלט, צו א פרײַען העלדישן לעבן, ווו עס זײַנען ניטאָ קיין שטע־
רונגען פאַר דער אַנטוויקלונג פון אַלע זײַנע קויכעס און מעגלעכקײַטן.
די צײַט, אַז װעלכער די ארבעטנדיקע מענטשהײַט האָט יאָרנלאַנג געוואַרט איז
ענדלעך געקומען. די גרויסע אָקטיאַבערישע סאָציאַליסטישע רעוואָליוציע האָט באַ־
פרײַט א זעקסטל פונעם ערד־קײַלעך און אָפּגעעפנט דעם וועג פאַר דער באַפרײַונג
פון גאָר דער וועלט. די העלדן פון פֿאָלק און די נײַע צוקונפטיקע וועלט האָבן אָנ־
גענומען רעאַלע שטריכן, און דאָס פֿאָלק אַליין און זײַנע זינגער זײַנען ארויס פון
זייער באַהעלטעניש און באַקומען א רעאַלן קאָנקרעטן נאָמען און אויסזען. די לי־
דער, וואָס דאָס באַפרײַטע פֿאָלק שאַפט וועגן זײַנע העלדן,—דאָס זײַנען געזאַנגען
פון א באַפרײַטן העלדישן פֿאָלק וועגן זײַנע באַליבטע און אויסדערוויילטע פירער,
וועגן זײַנע אייגענע פֿאָלקס־טאַלאַנטן און פֿאָלקס־געניעס, וואָס פירן אָן מיט דער
גרויסער העראָיִשער ארבעט און קאַמף פאַר דער אַלמענטשלעכער באַפרײַונג, פאַרן
קאָמוניזם.

צווישנ די נייַע העלדנ פונ אונדזער צייַט, וועגנ וועלכע עס זינגט דאָס סאָוועטישע פאָלק, טיילנ זיכ באזונדערס אויס די געניאַלע געשטאַלטנ פונ לענינענ און סטאַלינענ. זייערע הערלעכע נעמענ זייַנענ פארבונדנ מיט אַלע אונדזערע זיגנ און מיט אַלע נייַע דערשייַנונגענ פונ דער סאָוועטישער ווירקלעכקייַט. די דאָזיקע „צוויי סאָקאָלנ" זייַנענ ליב און טייַער יעדנ סאָוועטישנ מענטשנ, דעם גאנצנ סאָוועטישנ פאָלק, דער גאנצער ארבעטנדיקער און פּראָגרעסיווער מענטשהייַט פונ גאָר דער וועלט.

עס איז נאָכ דערווייַל צונויפגעזאמלט זייער ווייניק פונעם יידישנ פאָלקלאָר, און דאָס, וואָס איז שוינ צונויפגעזאמלט איז וויַיט ניט דאָס בעסטע. דאָס איז צו זענ פונ יענע בעסערע מוסטערנ, וואָס עס האָט זיכ שוינ אייַנגעגעבנ צו פארשרייַבנ און וואָס זאָגנ אייַדעס, אז די יידישע סאָוועטישע פאָלקס־שאפונג האָט דורכגעמאכט א היפּשנ וועג און האָט שוינ דערגרייכט א הויכע קינסטלערישע שטופע (וועגנ אייניקע גרונט־שטריכנ פונ דעם נייַעם יידישנ פאָלקלאָר וועט נאָכ אויסקומענ צו ריידנ באזונדער).

די העראָישע און טיפ־אינטימע פיגור פונ כאַווער סטאַלינ ווערט באזונגענ אינ פארבינדונג מיט אַלע פאסירונגענ פונ אונדזער צייַט,—פונ דער גרעסטער פּאָליטישער געשעעניש ביז דער קלענסטער אינטימער שטייגער־דערשייַנונג. דורכ פארשיידענע אייגנארטיקע פּאראלעלנ, פארגלייַכונגענ, עפּיטעטנ, סימבאָלנ און אלעגאָריעס, דורכ פארשיידענע אייַליקע און ברייטערע פארצייכענונגענ. מע וואָלט געקענט שאפנ דעם אינטערעסאנטסטנ פילמ פונ די אַלע פאָרשטעלונגענ פונ דעם סאָוועטישנ פאָלקס־ און מאסנ־זינגער וועגנ דעם כאַווער סטאַלינ און דאָס וואָלט אויסגעזענ ווי דאָס אינטערעסאנטסטע און רירנדיקסטע מייַסעלע וועגנ די נייַע העלדנ פונ אונדזער צייַט אינ אַלגעמיינ, וועגנ די נייַע טרוימענ און שטימונגענ פונעם באַפרייַטנ מענטשנ.

סטאַלינ ווערט געשילדערט אינ דער פאָלקסשאפונג ווי לענינס געטרייַסטער שילער, ווי דער פאָרזעצער פונ לענינס וועג. די נעמענ פונ לענינענ און סטאַלינענ ווערנ אָפט אָנגערופנ צוזאמענ.

אינ דער פאָלקס-מייַסע „בא לענינענ", ווו די פויערימ קומענ צו גיינ בעטנ מע זאָל זיי געבנ אזא מאשינ, וואָס „זאָל קאָסיענ, דרעשנ און ווייענ", ענטפערט זיי לענינ:

— מיר וועלנ ארויסרופנ אהער דעמ כאַווער סטאַלינ. ער פירט אָנ מיט פארפעסטיקנ דאָס לאנד, ער העלפט מיר מאכנ רייַכער דאָס לאנד, מאכנ גליקלעכ דאָס לאנד.

און סטאַלינ ענטפערט: „עס איז ניטאָ די זאכ, וואָס באָלשעוויקעס זאָלנ נים קענענ מאכנ. קומט אינ זאל צו די אינזשעניערנ...

סטאַלינ שרייַבט אינ א ביכעלע, און די פויערימ דערפילנ א קראפט אינ די פיס, א כיעס אינ די הערצער"...

אינ א קאָלווירטישער טשאסטושקע דערמאָנט זיכ די קאָלווירטניצע אָנ לענינענ און סטאַלינענ, ווענ זי טוט אָנ א זייַדנ קלייד. דאָס איז זייער א טיפּישער פּאראלעל, וואָס איז פּסיכאָלאָגיש בארעכטיקט און אָרגאניש; דורכ דעם ווערנ די נעמענ

פונ אונדזערע פירער באזונדערס צוטריטלעכ אונ נאָענט דער יאָנטעוודיק־געשטימ־טער קאָלווירטניצע:

כ׳האָב אָנגעטאָנ א זײַדנ קלײד
מיט א רויטנ באַנד,
לענינ־סטאלינס נעמענ
פארשײַנענ אונדזער לאַנד.

די פאָלקסליד אקצענטירט זײער אָפט אפ דער באשײדנקײַט אונ פּאָשעטקײַט פונ די פאָלקס־העלדנ, אפ דער באשײדנקײַט אונ צוטריטלעכקײַט פונ לענינענ אונ סטאלינענ. דאָס איז דעמ פאָלקס־מענטש באזונדערס געפעלנ אונ טײַער, אינ דעמ זעט ער אײַנ די גרויסקײַט פונעמ עכטנ געני.

אינ דער דערמאָנטער פאָלקס־מײַסע „בא לענינענ", באמערקנ די פויערימ פריִער פאר אלצ דעמ קאָנטראסט פונ די קרישטאָלענע מירמל־שטײנערנע אונ דעמבענע פּאלאצנ, ווו עס איז געזעסנ דער פארהאסטער קײסער, מיט דער פּאָשעטער הויז, וואָס איז „טאקע מיט בלעכ געדעקט, נאָר פּאָשעט", ווו עס „וווינט וולאדימיר איליטש". דערבײַ ווערט אויכ אונטערגעשטראָכנ די זעלבסטווירדע אונ דערהויבנקײַט פונעמ פאָלקס־מענטש גופע, פאר וועמענ די גיבוירימ־רויטארמײער שטעלנ זיכ וואָ־פראָנט אונ וועלכע שפּאנענ שוינ קעסײדער אינ אײנ רײ מיט לענינענ אונ סטאלינענ:

„גײענ די פויערימ, די גרויע קעפּ געהויבנ—ווי עס פּאסט פאר כאַשעווע פויע־רימ.

פונ בײדע זײַטנ שטײענ גיבוירימ רויטארמײער וואָ־פּראָנט. די פויערימ גײענ פארבײַ פּאלאצנ—קרישטאָלענע, פּאלאצנ—מירמלשטײנערנע, פּאלאצנ—דעמבענע אונ אלצ איז געשניצט, בעסאָקט אונ געגילט, אונ אונטער די פיס—שטײנערנע פּליטעס.

אונ אָט איז א פּאָשעטע הויז. טאקע מיט בלעכ געדעקט, נאָר א פּאָשעטע. „דאָ וווינט וולאדימיר איליטש,—זאָגט דער שענסטער אונ געזינטסטער גיבער רויטאר־מײער,—גײט גלײַכ ארײַנ".

— האָרכסט, אינ א פּאָשעטער שטוב
האָט פײַנט געהאט דעמ קײסערס פּאלאצנ".

דאָס זעלבע ווערט אונטערגעשטראָכנ אינ דער ליד „סטאלינ". די ליד באשטײט פונ דרײַ פירשורעדיקע סטראָפעס. אונ בלויז אײנ סטראָפע—די ערשטע, גיט אנ אבסטראקטע פאראלגעמײנערטע שילדערונג פונ סטאלינענ; אינ די איבעריקע צוויי סטראָפעס ווערט אלצ קאָנקרעטער אונ דײַטלעכער אָנגעצײכנט דער אויסערלעכער אונ אינערלעכער אויסזענ פונעמ „מענטש פונ גרעסטער ווערט" אונ ערשט צומ סאָפ, דאָס לעצטע וואָרט, ווערט אָנגערופנ דער נאָמענ—סטאלינ.

אלזאָ, סײַ לויטנ אינהאלט אונ סײַ לויט דער פאָרמ איז די ליד א שטרענג־אויסגעהאלטענע אונ שטרעבט איבערצוגעבנ צוויי גרונט־שטריכנ פונ סטאלינענ—גאָניאלקײַט אונ פּאָשעטקײַט:

עס איז אפ אונדזער גרויסער ערד
פאראנ א מענטש פונ גרעסטער ווערט.
ער איז דער קליגסטער אפ דער וועלט,

ער האָט פאַר אונדז דאָס גליק צעהעלט.
עס איז זײַן קאָל דאָס קאָל פון פאָלק
מע הערט זײַן רוף—אַלעס פאָלגט.
ער איז מיט פּאָשעטקײַט געבענטשט,
עס איז זײַן פּרענטש א פּראָסטער פּרענטש.
עס איז זײַן שפּראַך—א פּראָסטע שפּראַך.
ער איז אַפּ שטענדיק יונג און וואַך,
ער איז דער וווּנדער צווישן אַלע—
מיטן נאָמען—סטאַלין.

אויך דער לעצטער גראַם—ס ט א ל י ן און א ל ע אַנטשפּרעכט איינגאַנצן דעם גרונט־געדאַנק פון דער ליד, וואָס מערקט אָפּ סטאַלינען ווי דעם פאָלקס־העלד און פאָלקס־געני.

דער פאָלקס־זינגער אווראָם־מוישע פרידמאַן האָט ספּעציעל פאַרפאַסט א ליד צו סטאַלינס 60־יאָריקן געבורטס־טאָג. אינגאַנצן אין פאָלקסטימלעכע טענער איז געשילדערט די ביאָגראַפיע פון דעם „פּראָלעטאַרס עמעסן גוטן פרײַנט“, וועלכער „זינט ער איז צום פאַרשטאַנד געקומען, באַטראַכט די פאַלשקײַט פון דער וועלט, האָט ער זיך פאַר פּראָלעטאַרס קריוודע גענומען, פאַרן גערעכטן זיך אײַנגעשטעלט“.

דאָס ליד ענדיקט זיך מיט די פאָלגנדיקע אַקאָרד־שורעס:

„צום גרויסן יאָנטעוו פון זײַן געבוירנסטאָג,
אַלע בירגער פון ראַטנפאַרבאַנד
שיקן מאַטאָנעס לויט יעדנס פאַרמאָג
דעם גרויסן פירער פון ראַטנלאַנד.
דער שפּילער מיט זײַן שפּילן,
דער זינגער מיט זײַן זינגען,—
יעדער טוט זײַן פליכט ערפילן—
א ליבשאַפט אים אין הארצן אַרײַנדרינגען...“

אין אַלע פאָלקסשאַפונגען ווערט אונטערגעשטראָכן די לײַבלעכע נאָענטקײַט פון סטאַלינען דעם פירער און פאָלקסהעלד. אים ווערט געזונגען א לויב־געזאַנג, אין וועלכן עס פילט זיך גלײַכצײַטיק די שטאָלץ און אייגענע דערהויבונג פונעם זינגער:

א גוטן לעבן האָט אונדז סטאַלין געגעבן,
געכוישעכט מיר האָבן דאָך פריער,
כאָטשער סטאַלין איז אונדזער העלד,
ער איז דאָך אונדזער פירער...

פליט אַן אָדלער אינדערהויך,
זײַנע פליגלען פאָכען.
אונדזער סטאַלין—אונדזער פירער
איז דער גרעסטער כאָכעם.

וויפל פרייד און מונטערקייט עס ליגט דאָ אין די דאָזיקע לייכטע ריטמיש־פריילעכע קופּלעטן וועגן סטאַלינען! דער פּאַראַלעליזם מיטן פליענדיקן אָדלער און מיט זיינע מעכטיקע פליגלען איז אינגאַנצן אין גייסט פון דער פאָלקסטימלעכער טראַדיציע און קאָנקרעטער סטאַלין־געשטאַלט.

אין יעדער פאָלקס־שאַפונג באַזונדער טיילן זיך אויס אַלץ נייע פאַרבן און מאָטיווירונגען, וואָס באַרעכטיקן די גרויסע טריישאַפט פונעם פאָלק צום כאַווער סטאַלין. די דאָזיקע פאַרבן זיינען גענומען פון דער פּערזענלעכער דערפאַרונג פרנעם זינגער, פונעם אַרום, פון דער אָנגעזאַמלטער אַלטער און נייער פאָלקסטימלעכער בילדער־וועלט.

אין קאַלינינדאָרפער ראַיאָן איז פאַרשריבן די פינפשורעדיקע ליד — „אומעטום סטאַלין מיר הערן“, ווו די געשטאַלט פון סטאַלינען ווערט געגעבן אין אַ גאַנצער ריי אָנוואַקסנדיקע טראַדיציאָנעלע פאַרגלייכונגען, וואָס מאָטיווירן די סיבע פון סטאַלינס פּאָפּולערקייט:

אומעטום סטאַלין—מיר הערן,
ווייל העלער ער שיינט פון די שטערן,
ווייל צאַרטער ער איז פון אַ בלום,
ווייל העלער ער שיינט פון דער זון,
סטאַלין, אונדזער לייבלעכער סטאַלין.

די קאָלווירטישע טשאַסטושקע שילדערט און באַזינגט דעם זאַטן, פריילעכן און פאַרמעגלעכן לעבן, וואָס איז געקומען אַדאַנק דעם כאַווער סטאַלין.

אַז איך גיי אַרויס אין פעלד
בוקט זיך מיר דער קאָרן,
לעבן זאָל דער כאַווער סטאַלין
פאַר די גוטע יאָרן...

אין שטוב איז ריין און ציכטיק,
אויפן טיש—איז מאַלינעס
ס'איז גוט צו לעבן איצטער
אַדאַנק דעם כאַווער סטאַלינען.

אין דער יידישער פאָלקס־שאַפונג זיינען אויפגעקומען נייע לידער מיט נייע מאָטיוון און קעגנשטאַנדן. עס האָבן זיך באַוויזן אַזוינע אַטריבוטן פון וועלכע די אַלטע יידישע פאָלקס־ליד און קופּלעט האָבן קימאַט ניט געוווּסט און ניט געקענט וויסן. איינס פון די דאָזיקע אַטריבוטן,—דאָס איז די האַרמאָניק, וואָס איז אַזוי אָרגאַניש אַריינגעגאַנגען אין דער יידישער טשאַסטושקע פונעם קאָלווירטניק. די אַלטע טראַדיציאָנעלע רוסישע האַרמאָניק האָט זיך אַליין אויך באַנייט; זי שפּילט איצט נייע אינטערנאַציאָנאַלע סאָציאַליסטישע לידער. אַ גאָר נייער און באַנייטער רעפּערטואַר. די האַרמאָניק שפּילט אויך די ליד וועגן דעם כאַווער סטאַלין.

שפּיל־זשע, שפּיל שוין, מיין האַרמאָניק,
נייע לידער פריילעך שפּיל,—

זאָל דער כאווער סטאלינ וויסנ,
אז איכ דאנק אים זייער פיל.

אויכ די אלטע פאָרמענ, געשטאלטנ אונ בילדער, וואָס ווערנ אָפט אויסגענוצט אינ דער פאָלקסשאפונג, באקומענ גאָר אנ אנדער זינ אונ אנ אנדער אינהאלט. דער פאָלקס־זינגער נוצט גערנ אויס די דאָזיקע אָנגעזאמלטע קינסטלערישע רעזערוונ אונ שאפט נייע, שטימונגספולע לידער וועגנ אונדזער הערלעכער צייט אונ וועגנ דעם כאווער סטאלינ. דער אלטער מאָטיוו פונ קינע צו דעם פויגעלע, וואָס קאָנ פליענ, וווהינ עס וויל, אונ דורכ וועלכער עס ווערט איבערגעגעבנ א גערוס צו דעם „וואָס ליב אונ טייער״, ווערט אויסגענוצט אפ איבערצוגעבנ די בענקעניש אונ שטרעבונג צו זענ דעם כאווער סטאלינ:

„מעקאנע כ׳בינ דעם פייגעלע,
וואָס קאָנ אינ הימל יאָגנ,
ווענ איכ האָב פליגלענ, וואָלט איכ
צו סטאלינענ זיכ טראָגנ.

איכ בינ מעקאנע דעם פייגעלע,
וואָס אינ דער לופטנ זי שוועבט.
איכ וואָלט געפלויגנ גלייכ אהינ
ווו כאווער סטאלינ לעבט״.

(טשאסטושקעס)

אנ אינטערעסאנטע טראנספאָרמאציע האָט דורכגעמאכט שאָלעמ־אליכעמס באוווסטע ליד—„ערעוו־שאבעס״, וואָס איז שוינ לאנג געוואָרנ א פאָלקס־ליד אונ האָט שוינ א ריי וואריאנטנ. די דאָזיקע ליד איז, ווי עס איז שוינ פעסטגעשטעלט, פארפאסט דורכ שאָלעמ־אליכעמענ אונטער דער ווירקונג פונ נעקראסאָווס ליד—„אינ דאָרפ״. צווישנ שאָלעמ־אליכעמס אונ נעקראסאָווס לידער זיינענ אידייִש אונ פרינציפּיעל ניטאָ קיינ שום אונטערשייד. נאָר אָט האָט דער אלטער ארבעטער—סטאכאנאָוועצ, ניסנ פעווזנער פונ באָברויסק, גענומענ די ליד „ערעוו־שאבעס״ אונ שעפעריש „איבערגעדרייט די יאָצרעס״. דאָרטנ רעדט זיכ, אינ א פאָרמ פונ א דיאלאָג, וועגנ א גוטער, גליקלעכער פארגאנגענהייט אונ ביטערער קעגנוואַרט אונ דאָ, בא פעווזנערנ, פארקערט; עס ווערט דערמאָנט דער פינצטערער אונ ביטערער אמאָל אונ אים ווערט אנטקעגנגעשטעלט דער גליקלעכער הייַנט,—די צייט, ווענ „דער גרויסער סטאלינ אונדז באוואכט״. וועגנ דעם אמאָל ווערט נאָר „דערציילט אינ פריידנ״, מיט א לייכטנ געמיט אונ גוטמוטיקנ הומאָר:

„— צי געדענקסטו, מיינ ליבע סאָרקע,
אז א דינסטמויד ביזטו געווענ,
פלעגסט רייניקנ אונ ראמענ
אונ ברויט אינ די אויגנ ניט געזענ?

— יאָ, יאָ, איכ געדענק זייער גוט,
ווי איכ פלעג אופראמענ די טישנ,
דער באלעבאָס פלעגט מיר שלאָגנ ביז בלוט,
צוקאָפּנס כ׳האָב ניט געהאט קיינ קישנ...

— צי געדענקסטו, מײַן ליבע סאָרקע,
די פינצטערניש פון אונדזער לעבן,
די פיר שטעקנס פון אונדזער כופּע
און די קוילעס פונעם רעבן?...

— איצט, סאָרקע, איז אונדז גוט,
מיר זײַנען ארויס פון די נאָרעס,
לעבן איז אונדז איצט פרייליך און גוט,
מיר זײַנען פּאָטער פון די צאָרעס...

דער גרויסער סטאלין אונדז באוואכט,
זײַנען מיר אלע יונג און שיין,
פרײַהײַט און זאטקײַט איז בא אונדז אסאך
צום קאָמוניזם טוען מיר גיין".

די דאָזיקע ליד האָט נאָך א זין, וואָס, פארבײַגייענדיק, ווערט דאָ אויך געגעבן אן ענטפער אף יענע צאָרעס און פּלאָגן, וואָס עס שטייט אויס די אָרעמע אלמאָנע מיט אירע קינדער מיצאד דער גוטהארציקער „מאדאם" און פארשיידענע גאבאָים און באלעטויוועס, אף דעם אלץ וואָס עס האָבן טרויעריק געזונגען און זיך געקלאָגט די אלטע לידער — „ערעוו־שאבעס" און „אין דאָרף".

* * *

וועגן סטאלינען זינגען אלע אונדזערע דוירעס: יונג און אלט, יעדערער אף זײַן אויפן. דער עלטערער דאָר זינגט א ליבגעזאנג סטאלינען פאר דער באפרײַונג פון דער אלטער קנעכטישער פארגאנגענהײַט און גליקלעכן עלטער; דער יונגער דאָר זינגט זײַן ליד וועגן דער גליקלעכער קינדהײַט און יוגנט, וואָס סטאלין האָט אים געגעבן. מיט לידער וועגן סטאלינען ווערט פארוויגט דאָס סאָוועטיש נײַ־געבוירן קינד.

„מיר פרייען זיך, סטאלין, מיט דײַנע ווונדערלעכע זינגן,
וואָס דײַן קלוגע אָנפירונג האָט געגעבן דעם ראטנלאנד.
דיר דאנקען די אלטע, אויך קינדער אין די וויגן,
וואָס דו האָסט פארבעסערט זייער שטאנד" (א. מ. פרידמאן, נאראווליע)

דער אלטער ארבעטער־וועבער, מאָרדכע פּעווזנער פון דובראָוונע, זינגט א ליד וועגן זײַן אייגענער באפרײַונג, וועגן יוגנט און מונטערקײַט, ליבע צום פאָטערלאנד, נאכעס פון קינדער, געראטעניש, פרײַער ארבעט, סאָציאליסטישער בוינג, פרײַנט־שאפט פון פעלקער. דאָס אלץ איז פארבונדן מיטן כאווער סטאלין, און דעריבער ווענדעט זיך טאקע דער זינגער דירעקט צום אדרעסאט:

„סטאלין, סטאלין, מײַן באפרײַער
הער־זשע אויס מײַן נײַע ליד,
איך בין שוין א מענטש א נײַער,
א מענטש פון ליבע און פון פריד.

אפדאָסנײַ בין איך געבאָרן,
איך פיל אין זיך, אז איך בין יונג,
מײַן אלטן הויקער האָב איך פארלאָרן,
און עס אָטעמט פרײַ מײַן לונג.

נאכעס האָב איך פון זין און טעכטער,
גליק בא אונדז איז מער און מער,
מײַן זון אבראשע — א מאשיניסט אן עכטער,
מײַן איידעם סאווקע — אן אינזשעניער.

אפ מײַנע פעלדער בליִען בלומען
און זאנגען פולע אָן א שיר,
מײַנע טראקטאָרס פריילעך ברומען
און דאָס אלץ איז דאָך פאר מיר.

עס זינגט וועגן סטאלינען דער ייִנגערער דאָר, וואָס האָט „ערשט אָנגעהויבן (צו) לעבן“ און וואָס געדענקט נאָך, אז „עס זײַנען אין צאָרס אריבערגעפאלן (זײַנע) אומגליקלעכע קינדער־יאָרן“.

„איצט האָט זיך ערשט אָנגעהויבן מײַן לעבן,
ווײַל דער כאווער סטאלין האָט מיר גליק און פרייד געגעבן,
אין אונדזער צײַט
קאָן יעדערער ווערן א לײַט (וול. לייקין, סעליבע, בערעזינער ראיאָן)
וועגן א גליקלעכער קינדהײַט זינגט דער פיאָנער, וואָס ווייס נאָר פון „לויטערע טעג“:

„...כ'האָב א קינדהײַט — א פראכט
וואָס זשע פעלט מיר דען מער?

איך צעבלי זיך אצינד
אין די לויטערע טעג,

איך בין סטאלינס א קינד, —
איז מיר גוט אָן אן עק!“ (ה. פיליפ, קאמענעץ־פּאָדאָלסק)

אָט אזוי זינגט יעדערער אפ זײַן אויפן וועגן זײַן אייגענעם גוירל און וועגן דעם לעבן פון זײַנע נאָענטע פרײַנט, וואָס איז אופגעריכט געוואָרן און איז רײַך מיט די העלסטע פערספעקטיוון אפ ווײַטער. פאר דעם דאָזיקן לעבן איז דער פאָלקס־זינגער טיף דאנקבאר דעם כאווער סטאלין.

דאָס פערזענלעכע איז אָבער בא דעם סאָוועטישן מענטשן ניט אָפגעטיילט מיט א כינעזישער וואנט פון דאָס געזעלשאפטלעכע, און דעריבער רופט זיך אָפ די פאָלקס־ליד אויך אפ אלע וויכטיקסטע געשעענישן און פאסירונגען בא אונדז אין לאנד: וועגן דעם אלץ רעדט דאָס פאָלק ווי וועגן אן אייגענער זאך און איז ווידער דאנקבאר דעם כאווער סטאלין פאר דעם העלדישן, גליקלעכן און טאלאנטפולן דאָר, וואָס ער האָט אויסגעכאָוועט און פאר דער העראָיִשער צײַט. סטאלינס וואָרט „טרעפט

אינ ציל אונ צום אָרט", סטאלינ „זאָרגט פאר יעדנ באזונדער", מיט סטאלינען אפ די ליפּנ גייט מענ אפנ טויט, מע פליט אפנ צאַפּנ־פּאַליוס.

הונדערטער טשאסטושקעס אונ לידער זײַנען געשאפנ געוואָרנ ווענג דער סטאַלינישער קאָנסטיטוציע, ווענג די וואלנ אינ העכסטנ ראט, ווענג דעם צוואנציק־יאָריקנ יובילײ פונ דער רויטער ארמײ, צום פרויענ־יאָנטעוו — אכטער מארט, אָקט־אבער־יאָנטעוו, ווענג דער טשעליוסקינ־עפּאָפּייע, צאַפּנ־פּאַליוס, פּריזיוו אונ גרענעצלער, ווענג די שלאכטנ בא דער אָזערע כאסאנ א. א. וו.

אסאכ פאָלקס־שאפונגענ זײַנענ געבויט אפ דעם מאטעריאל פונ סטאלינס פּאָלקס־טימלעכע פארגלײַכונגענ אונ אפאָריזמענ, וואָס ער געברויכט אָפט אינ זײַנע רעדעס אונ ארויסזאָגונגענ:

„שפּיל־זשע, שפּיל־זשע, מײַנ הארמאָניק,
ס'פליסט אינ מיר די יונגע בלוט.
לעבנ איז געוואָרנ פריילעכ,
לעבנ איז געוואָרנ גוט..."

„פעסט שטייט אונדזער פאָנ פונ שאָלעם,
אָבער גרייט ס'איז אונדזער שווערד!
קיינעם וועלנ מיר ניט געבנ
קיינ איינ שפּאנ פונ אונדזער ערד".

דער בלינדער אנשל קלומאקאָוו אונ דער אלטער ארבעטער מאָרדכע פּעוזנער האָבנ געשאפנ מעשאָלים אפ דעם מאטעריאל פונ דעם באוווסטנ סטאלינישנ פּאָלקס־טימלעכנ בילד פונ דעם „גאָרטנ אונ כאזער":

„וואָס מײַנ גאָרטנ
שענער בליט,
א כאזערס שניוק
צו בלומענ ציט...

אהוש! אהוש!
פאסקודנער שווײַנ!
געדענק, דײַנ פּוס
וועט דאָ ניט זײַנ!" (מאָרדכע פּעוזנער, דובראָוונע)

ווי מיר זעענ, איז די טעמאטיק פונ די אלע פּאָלקס־שאפונגענ א פארשיידנאר־טיקע. מע וואָלט געקענט ברענגענ נאָכ אונ נאָכ מאָטיוונ אונ געזאנגענ, שטימונגס־לידער, שילדערונגענ, טשאסטושקעס. די לעצטע באזונדערס זײַנענ דאָ פול אונ פיל אונ גייענ אום פונ קאָלווירט צו קאָלווירט, פונ ראיאָנ צו ראיאָנ, פונ פאבריק צו פאבריק. זיי האָבנ שוינ אפילע א געוויסע „טראדיציע". נאָר ווענג וואָס אונ ווי מע זאָל ניט זינגענ אונ דערציילנ ווערט אומעטום דירעקט אָדער אומדירעקט באריר די סטאלינישע פערזענלעכקײַט מיט ליבע אונ דאנקבארקײַט, — מיט סטאלינען אפ די ליפּנ, אינ הארצנ אונ אינ דער נעשאָמע. אומעטום סטאלינ מיר הערנ אונ פילנ.

# אינהאלט-פארצייכעניש פון זשורנאל „שטערן" פארן יאָר 1939

## פּאָעזיע, בעלעטריסטיק

## פּאָליטישע אַרטיקלען, פּובליציסטיק, קריטיק און ביבליאָגראַפיע

# אינהאלט

זייט





רעדקאָלעגיע.

אָפגעגעבנ צומ דרוק 1/II—40 י. אונטערגעשריבנ צומ דרוק 17/II—40 י. צאָל דרוק־בויגנ 6.
טיראזש 2000. באשטעלונג נומ. 2216. גלאוולִיטבעל 87.

דרוקערײַ א. נ. סטאלינ—מינסק.

פרייַז 1 ר. 50 ק.

# ШТЭРН
# (ЗОРКА)

Літаратурна-мастацкі
і палітычна-навуковы
часопіс

ВЫДАННЕ
„Окцябр"
Мінск, Рэволюц. вул., 2.